# ארכיוו

## פונ׳ם

# אידישען סאציאליסט

רעדאגירט

פון

לעאָן חאַזאַנאָוויטש

דאס ערשטע העפט

בערלין 1921

פארלאג „פועלי ציון"

# אינהאלט


זייט

דער „ארכיוו פונ'ם אידישען סאציאליסט" . . . . . . . . . . . 3

די שפאלטונג פונ'ם פועלי ציון־וועלט־פארבאנד . . . . . . . 5

I רעזאָלוציעס פונ'ם מזרח־פאַרבאַנד . . . . . . . . . . . . 6

II רעזאָלוציעס פונ'ם מערב־פאַרבאַנד . . . . . . . . . . . . 8

די אידישע קאמוניסטישע פארטיי (פועלי ציון)

I רעזאָלוציעס פון דער האָמלער קאָנפערענץ . . . . . . . . . . 14

II דעקלאראציע פון דער אידישער קאָמוניסטישער פארטיי (פועלי ציון) צום 7. אַלרוסלענדישען צוזאמענפאָהר פון די ראַטען . . . . . . 18

III רעזאָלוציעס פונ'ם פארטיי־ראַט . . . . . . . . . . . . . 21

פאלעסטינא און דער בריטישער אימפעריאליזם . . . . . . . . 26

די אידישע סאציאל־דעמאקראטישע ארבייטער־פארטיי (פועלי ציון) אין רוסלאנד.

I די רעזאָלוציעס פונ'ם 4. פארטיי־טאָג . . . . . . . . . . . 29

II רעזאָלוציעס פונ'ם 5. פארטיי־טאָג . . . . . . . . . . . . 33

די ווידערפאראייניגונג פון דער פועלי ציון־באוועגונג.

רעזאָלוציע פון דער פועלי ציון־קאָנפערענץ אין דייטשלאנד . . . . 36

דער אלגעמיין־אידישער ארבייטער־בונד

I דער בונד אין פוילען בנוגע דעם 3. אינטערנאציאנאל . . . . . . 37

II דער קאָמוניסטישער בונד אין רוסלאנד . . . . . . . . . . . 38

די פארשמעלצונג פון די „פאראייניגטע" מיט'ן קאמוניסטישען בונד אין רוסלאנד . . . . . . . . . . . . . . . . . . 47

אלגעמיינע ארבייטער־קאנפערענץ אין ארץ ישראל . . . . . . . 49

די שטעלונג פונ'ם 3. אינטערנאציאנאל צום ציוניזם און פועלי ציוניזם 51

# דער „ארכיוו פונ'ם אידישען סאציאליסט".

---

דער שווערער אינערער קריזיס, וואס דער אינטערנאציאנאלער סאָציאליזם לעבט היינט־צו־טאָג איבער, ארוסגערופען דורך דעם פאַקט, וואס ער האט אין זיינע הויפטטיילען ניט אויסגעהאלטען דעם ערשטען גרויסען עקזאַמען פון דער וועלט־מלחמה, און פארשארפט דורך די טיפע חלוקי דעות איבער די פראגען פון דער וועלט־רעוואָלוציע, האט ניט געקענט בלייבען אָהן שטארקע ווירקונגען אויפ'ן אידישען סאציאליזם, וועלכער מאכט מחמת דעם פון ס'ניי דורך, ווי אין די יאהרען 1904—1907 אַ שטורם־ און דראנג־פעריאָדע. די מיינונגען געהען זיך פונאנדער ניט בלוז אין די אלגעמיינע פראגען, וואס עס ענגבערט דעם מח פונ'ם דענקענדיגען אידישען סאציאליסט, איז ניט ווייניגער די פראגע, ווי די נייע וועלט־סיטואַציע און די גרויסע קאנפליקטען פון דער געגענווארט און נאהענטסטער צוקונפט מוזען זיך אפשפיגלען אויפ'ן מצב פון די אידישע פאָלקס־מאסען, ווי די סאָציאלע באוועגונג נאך דער וועלט־קאטאַסטראפע מוז ווירקען אויפ'ן אידישען פראָבלעם. די דערשיטערונגען אין די רייהען פונ'ם אידישען סאציאליזם זיינען אזוי ערנסט, אז זיי האבען קיין פארטיי ניט פארשאנעוועט, אז געוויסע פארטייען זיינען מחמת דעם גייסטיגען איבערברוך אראָפ פון דער סצענע, אדער שטעהען פאר זייער ליקווידאציע.

זעהר ווייניגע האבען א קלארע פארשטעלונג וועגען דעם וואס קומט פאר אינ'ם לעבען פון דעם אידישען סאָציאליזם אין די פארשיידענע לענדער. דאס פעלד איז אזוי ברייט און די מניעות צו באקומען ריכטיגע אינפאָרמאציעס פון דער ערשטער האנד, באזונדערס פון די מזרח־לענדער, זיינען אזוי געוואלדיג, אז די גייסטיג־פאראינטערעסירטעסטע פארלירען אָפט דעם אינערען קאָנטאקט מיט דער באוועגונג, אלס א גאנצער. אין קיין צייט ווי איצט האט זיך ניט אזוי שטאַרק געלאזט פיהלען די באדערפעניש אין א טריבונע, וואס אינפאָרמירט אביעקטיוו איבער די טענדענצען און שטרעמונגען אינ'ם אידישען סאציאליזם. דער „ארכיוו פונ'ם אידישען סאציאליסט" האט זיך געשטעלט די אויפגאבע צו ערפילען אָט די דאזיגע באדערפעניש. אינ'ם „ארכיוו" זאל איטליכע ריכטונג אינ'ם אידישען סאציאליזם קומען צום ווארט, זאָל איטליכע ריכטונג אין פולסטער פרייהייט אויף איהר אייגענעם שטיינער באקאנט מאכען די לעזער מיט איהר פראָגראם, מיט איהרע האפטנונגען, מיט איהרע ספקות און וואַנדלונגען. דעם ערשטען פלאץ וועלען

מיר אפגעבען פאר אפיציעלע דאקומענטען און מאטעריאלען פון א פרינציפיעלען כאראק־טער. מיר ווילען זיך פארנעהמען ניט בלויז מיט דער געגענווארט, נאר האבען בדעה אויך צונויפקלייבען די וויכטיגסטע דאקומענטען און מאטעריאלען פון דער פארגאנגענהייט, אזוי, אז מיט דער צייט זאל דער ארכיוו קענען ווערען א רייכער קוואל פאר דער גע־שיכטע פונ'ם אידישען סאציאליזם. מיר דענקען זיך אבער ניט צו באגרענעצען אויף אידישע ארבייטער־באוועגונג, נאר אויך באקאנט צו מאכען די לעזער מיט די שטרעמונ־גען און גייסטיגע קאמפען אינ'ם אינטערנאציאנאלען סאציאליזם.

דער צוועק פון דער אונטערנעהמונג גיט אונז, ווי מיר גלויבען, דאס רעכט צו אפעלירען צו אלע ריכטונגען אונז אונטערצושטיצען אין דער ארבייט דורך צושטעלען כל'ערליי מאטעריאלען, וואס האבען א ווערט פאר'ן „ארכיוו".

די רעדאקציע.

# די שפּאַלטונג פֿונ׳ם פּועלי־ציון־וועלט־פֿאַרבאַנד.

פון 27. יולי ביז 8. אויגוסט איז אבגעהאַלטען געוואָרען אין וויען די 5. וועלט־קאָנפֿערענץ פֿונ׳ם אַלוועלטליכען אידישען סאָציאַליסטישען ארבייטער־פֿאַרבאנד פּועלי־ציון. דאס איז געווען די ערשטע קאָנפֿערענץ פֿונ׳ם וועלט־פֿארבאנד פּועלי־ציון נאך דער מלחמה, ד. ה. נאך אַ 7־יאהריגער הפסקה. (די פֿאַרבאנדס־באַראטונג אין סטאקהאָלם, יולי—אקטאָבער 1919 האט געהאט נאר באַשרענקטע קאמפּעטענצען.)

די קאנפֿערענץ איז געעפֿענט געוואָרען אין דער אבוועזענהייט פון די קאָמוניסטישע ארגאַניזאַציעס, גרופּירט ארום דעם לינקען אָרגאַניזאציאנס־ביורא, וואס האבען זיך באטייליגט אין די זיצונגען ערשט נאכ׳ן אָנקומען פון די רוסלענדישע דעלעגאַטען און האט זיך אויסגעלאזט מיט דער שפּאלטונג פון דער פּועלי־ציון־באוועגונג. עפֿענטליך איז מען זיך פֿונאנדערגעגאַנגען ביים פּונקט „סאציאלע רעוואלוציע און אינטערנאציאנאל", אין דער שפּאַלטונג האט אָבער אויך געשפּילט א וויכטיגע ראָלע די פראגע וועגען באטייליגען זיך אינ׳ם ציוניסטישען קאנגרעס.

אין דער פֿראגע וועגען אינטערנאציאָנאל האט איין ריכטונג, קאָמוניסטען און „לינקע" פֿארלאנגט, אז דער פֿארבאנד זאל אהן באדינגונגען צוטרעטען צום 3־טען אינטערנאציאנאל (וואס האט אין דער אייגענער צייט אפּגעהאלטען זיין 2. קאָנגרעס אין מאסקווע און וואס זיינע החלטות זיינען געווען דעמאלט נאך אומבעקאנט), בעת די אנדערע איז געווען מיט דער מיינונג, אז פֿאר די פּועלי־ציון וואלט זיין מעגליך צו־צושטעהן צום 3. אינטערנאציאנאַל, נאר ווען ער וועט זיין גרייט אויפצונעהמען אלע פּארטייען פֿונ׳ם רעוואלוציאָנערען סאָציאַליזם און וועט געבען די פּארטייען די נויטיגע מאס אויטאנאמיע. ביידע הויפּט־ריכטונגען האבען פֿארגעלעגט זייערע רעזאָלוציעס, וועלכע שטעהען אונטען. צו דער באהאנדלונג פֿון די וויטערדיגע פּונקטען פון סדר־היום איז די קאנפֿערענץ ניט געקומען. בנוגע דעם ציוניסטישען קאנגרעס זיינען אבער געפֿיהרט געווארען פֿארהאנדלונגען פון דעלעגאציע צו דעלעגאציע. כ׳האט זיך געהאנדעלט ניט וועגען דער שטעלונג פֿונ׳ם וועלט־פֿארבאנד אלס אַזעלכען, ווייל געגען די באטייליגונג אינ׳ם ציוניסטישען־קאנגרעס איז געווען א זיכערע מערהייט, נאר וועגען דער אויפֿנאהמע פֿון די פּארטייען, וועלכע האלטען די באטייליגונג פֿאר לעבענס־וויכטיג פֿאר׳ן אידישען אַרבייטער־ישוב אין א"י. ווען עס האט זיך אויסגעוויזען, אז א הסכם איז ביי קיינעם פון ביידע פּונקטען ניט מעגליך צו דערגרייכען, האבען די דעלעגאציעס פֿון א"י, ענגלאנד, אַמעריקא און ארגענטינען געשטעלט דעם אנטראג אנצוהויבען פֿארהאנדלונגען וועגען רעאָרגאניזירען דעם וועלט־פֿארבאנד אויף נייע יסודות, ארויסגעהמענדיג פּראוויזאָריש פון זיין קאמפּעטענץ יענע פּאליטישע פּראגען, אין וועלכע

א צוזאמענארבייט איז איצט ניט מעגליך. דער אנטראג איז ביי א געזעהגליכער אבשטימונג (ניט לויט לענדער, נאר לויט דעלעגאטען) אבגעווארפען געווארען. די דערמאנטע דעלעגאציעס, ווי מינאריטעטען פון אנדערע לענדער און ווי דאס פארבאנדס־ביורא האבען זיך דערפאר אין דער אבשטימונג איבער די רעזאלוציעס צום פונקט אינטער־נאציאנאל ניט באטייליגט. די אבשטימונג לויט לענדער איבער דעם דאזיגען פונקט האט געגעבען דעם רעזולטאט: 178 שטימען פאר דער רעזאלוציע פונ׳ם לינקען בלאק, 179 אבגעהאלטענע שטימען, 1 שטימע פאר דער געגען־רעזאלוציע. די דעלעגאציעס פון די אויסגערעכענטע פיער לענדער האבען פארלאזען דעם זאל.

ביידע הויפט־ריכטונגען האבען פארטגעזעצט די בעראטונגען סעפעראט, יעדע אלס „די וועלט־קאנפערענץ"; ביידע סעפעראטע קאנפערענצען האבען אנגענומען רעזאלוציעס בנוגע אלע פונקטען פונ׳ם סדר־היום אינ׳ם נאמען פון דעם „אלוועלטליכען אידישען סאציאליסטישען ארבייטער־פארבאנד פועלי־ציון", ביידע האבען געוועהלט דאס „פארבאנדס־ביורא" מיט׳ן זיץ אין ווין. דער פארזוך צו ברענגען ווענינסטענס צו א הסכם וועגען קאארדינאציע אין דער קאנקרעטער פאלעסטינא־ארבייט, בנוגע דעם אידישען ארבייטער וועלט־קאנגרעס א. א. וו., סאנקציאנירט פון ביידע קאנפערענצען, האט זיך ביז אהער ניט איינגעגעבען.

דא גיבען מיר איבער די רעזאלוציעס פון ביידע פארבאנדען בנוגע די פראגען וואס האבען בעיקר גורם געווען די שפאלטונג.

---

# רעוואלוציעס פון מזרח־פארבאנד.

## Nr. 1
## סאציאלע רעוואלוציע און אינטערנאציאנאל.

א) דער וועלט־חורבן, וואס איז ארויסגערופען געווארען דורך דער וועלט־מלחמה, און דער פארברעכערישער, אומבאהאלפענער „שלום" האבען קלאר ארויסגעוויזען דעם פולשטענדיגען באנקראט פון די הערשענדע קלאסען און זייער אומפעהיגקייט צוריק אויפצובויען די ווירטשאפט אויף די אלטע יסודות פון פריוואט־אייגענטום און עקספלואטאציע.

דער געשיכטליך־אנגעצייכענטער אויסוועג פונ׳ם קריזיס איז דאס איבערבויען פון דער וועלט־ווירטשאפט אויף נייע סאציאליסטישע יסודות. דער ארבייטער־קלאס איז דער איינציגער היסטאריש־שאפענדער כח פון דער איצטיגער צייט, וואס איז בארופען צו בויען די נייע סאציאליסטישע געזעלשאפט.

ס׳איז די תקופה פון דער סאציאליסטישער רעוואלוציע.

די אויפגאבע פונ׳ם פראלעטאריאט איז ניט נאר איבערצונעמען די הרובגעווארענע אינדוסטריע, נאר דער עיקר צו ארגאניזירען די פראדוקטיווע כחות, אויפבויען די גייע ווירטשאפט און שאפען די נייע סאציאליסטישע געזעלשאפט.

דערצו מוז דער ארבייטער־קלאס איבערנעמען די פאליטישע מאכט אין זיינע הענד און פארווירקליכען די פראלעטארישע דיקטאטור אין דער פארם פון דער ארבייטער דעמאקראטיע — ארבייטער־ראטען.

די סאָציאלע רעוואָלוציע, וועלכע פאַרשאַרפט אלע קאָנפליקטען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, פאַרשארפט ביז צו דער העכסטער מדרגה אויך דעם נאַציאָנאלען קאָנפליקט, אויפדעקענדיג זיין סאָציאלען אינהאלט. דער פּראלעטאַריאט קאָנסטיטואירט זיך אין דער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אַלס נאַציע און נוצט אויס אלע ניי אויסוואקסענדיגע געזעלשאַפטליכע כחות און מעגליכקייטען, בכדי צו געבען זיין רעוואָלוציאָנערע, סאָציאַליסטישע לעזונג פונ׳ם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם.

דער קאַמף פאר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, וואָס ווערט געפיהרט פונ׳ם ארבייטער־קלאס פון יעדער נאַציע אין יעדען לאַנד, ברענגט נאר דעמאָלט צום ענד־גילטיגען נצחון, ווען דער דאָזיגער קאמף ווערט אַן אלגעמיינער, אן אינטערנאציאנאלער, א קאַמף פון דעם וועלט־פּראָלעטאריאַט פאר דער וועלט־רעוואָלוציע.

דער פּאַרלאמענטאַריזם און די אזוי גערופענע בירגערליכע דעמאָקראַטיע זיינען ניט מסוגל צו ברענגען די פאַקטישע מאכט אין די הענד פון דעם ארבייטער־קלאס. דער פּראָלעטאריאט נוצט זיי אויס בלויז צו פארשארפען די קלאסענגעגענזאצען און צו ארגאניזירען זיינע אייגענע רעוואלוציאָנערע כחות. דער נצחון, אבער, פון דער סאָציאַלער רעוואלוציע קען דערגרייכט ווערען נאר דורך דער ארגאניזירטער מאסען־אקציע, באוואפענטען אויפשטאנד, בירגער־קריעג.

ב) די סאָציאַלע רעוואלוציע רופט זיך אב מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט אויף דעם לעבען פון די אידישע מאַסען. די עקסטעריטאָריאַליטעט פונ׳ם אידישען פאלק, זיין אבגעריסענקייט פון דער אורפּראָדוקציע, דער אומפּארטיידליכער אונטערגאנג פון דער קליין־אינדוסטריע און האנדעל, דערשיטערן די עקאָנאָמישע פּאזיציעס פונ׳ם אידישען ארבייטער־קלאַס און ברענגען צום פולשטענדיגען חורבן פון דער אידישער פאלקס־ווירטשאפט. די נויטיגקייט צו פּראָדוקטיווירען די אידישע פאָלקס־מאסען ווערט אלץ בולט׳ער. די עמיגראַציע־טענדענצען אלץ שטארקער, און מיט׳ן אויסברייטערן זיך פון דער סאציאלער רעוואלוציע אין א אלץ גרעסערער צאהל לענדער, ווערט אלץ שארפער דער אינטערנאַציאָנאלער כאראַקטער פון דער אידען־פראגע. די סאָציאלע רעוואָלוציע פארשטאַרקט די שטרעבונג צו באַשאַפען אַ אידישע ארביטס־געמיינשאפט אין ארץ־ישראל און פאַרשנעלערט צו דערזעלבער צייט די פּראָצעסען פון אידישען לעבען, וואס פיהרען צו דער רעאליזירונג פונ׳ם פּראלעטארישען פּאלעסטיניזם.

ג) די וועלט־מלחמה האט נעטראָפען די אינטערנאַציאָנאלע ארבייטערשאַפט אינגאַנצען דעזאָריענטירט און דעזאָרגאניזירט. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאל האט ניט געהאט דעם פאקטישען כח זיך אנטקעגען צו שטעלען דער וועלט־מלחמה. ס׳האָט איהם אויך געפעהלט די אידעאָלאגישע און מאָראלישע מאַכט צו פאר משפט׳ען דעם ברודער־מאָרד.

אָבער שוין בעת דער מלחמה זאמעלט זיך דער געזונדער קערנדעל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער־באוועגונג, וואס איז געבליבען געטריי דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פונ׳ם קלאסען־קאמף. מיט׳ן זיעג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואלוציע אין רוסלאנד איז אָנגעשטאַנען דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז איינציג און אליין מסוגל צו ברעכען די מאַכט פון די הערשענדע קלאסען, פארווירקליכען די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, כדי איבערצובויען די וועלט אויף סאָציאַליסטישע יסודות.

אין הסכם דערמיט באַשליסט די 5־טע וועלט־קאָנפערענץ פונ׳ם אלוועלטליכען אידישען סאָציאַליסטישען ארבייטער־פאַרבאַנד פועלי־ציון, אנצושליסען זיך אָן דעם ־ריטען קאָמוניסטישען אינטערנאַציאָנאל.

## Nr. 2

## אונזער שטעלונג צו דער ציוניסטישער וועלט־ארגאניזאציע.

1) אין דער טעריטאָריאַלער קאָנצענטראציע פון די אידישע מאסען אין ארץ־ישראל איז פאַראינטערעסירט דאס גאַנצע אידישע פאָלק — יעדער קלאַס אָבער, באַשטרעבט זיך זיינע קלאסען־אינטערעסען. די ציעלען און מעטאָדען פון דער אויפבוי־ארבייט אין פאלעסטינא זייַנען פארשיידענע ביי די פאַרשיידענע קלאַסען. די אידישע בורזשואזיע שטרעבט אַריבערצוטראגען קיין פאלעסטינא די אלטע עקספלואַטאַציע־פאָרמען פון דער קאפיטאַליסטישער געזעלשאַפט; דער אידישער פראָלעטאַריאַט שטרעבט צו שאפען דאָרט אַ אידישע אַרבייטס־געמיינשאַפט.

2) דער ציוניסטישער קאָנגרעס, וואס איז צוזאמענגעשטעלט פון אַ בורזשואזער מעהרהייט, קען בשום אופן ניט דורכפיהרען די סאָציאַליסטישע בויאונגס־ארבייט אין פאלעסטינא, וועלכע איז אין אַ טיעפען געגענזאץ צו די אינטערעסען פון דער אידישער בורזשואַזיע.

3) דער פריוויליגער כאַראַקטער פונ׳ם קאָנגרעס מאַכט שוין לכתחילה אונמעגליך די דורכפירונג פון באַשלוסען פון אנ׳עווענטועלער, צופעליגער מעהרהייט אין גייסט פון די פאָדערונגען פונ׳ם אַרבייטער־קלאס. דעריבער קען דער ציוניסטישער קאָנגרעס ניט אויסגענוצט ווערען דורכ׳ן פראָלעטאַריאַט פאר זייַנע אינטערעסען. דאס אנטייל־נעהמען אין איהם וואָלט נאָר באשאפען שעדליכע אילוזיעס ביי א טייל פונ׳ם אַרבייטער קלאס און וואָלט אבגעשוואכט זיין אַקטיוויטעט אויפ׳ן וועג צו אַ זעלבשטענדיגער, פראָלעטאַרישער אויפבוי־ארבייט אין פאלעסטינא.

צוליעב די טעמים, זאגט זיך ארויס די 5־טע וועלט־קאָנפערענץ פון דעם אל־וועלטליכען איד. סאָציאליסטישען ארבייטער־פאַרבאנד, פועלי ציון, אקעגען דעם אַנטייל־נעהמען אין דעם ציוניסטישען קאנגרעס.

---

# רעזאלוציעס פון מערב־פארבאנד.

## Nr. 3

## סאציאלע רעוואלוציע און אינטערנאציאל.

I. די וועלט, וואס ליגט אין חורבות דורך דער מלחמה צווישען קאפיטאליסטישע מלוכות, קען ניט אויפגעבויט ווערען אויף די אלטע קאפיטאליסטישע יסודות. די בורזשואַזיע איז ניט אימשטאנד צו פארענטפערן קיין שום פראָבלעם פון די רואינירטע פעלקער און לענדער, סיי פון ווירטשאפטליכען אויפבוי, סיי פון אינטערנאציאָנאלען שלום און סיי פון נאציאָנאלער פרייהייט. דאס קען טון נאָר דער אינטערנאציאָנאלער פראָלעטאריאט אויף די יסודות פונ׳ם סאָציאליזם.

## דרוק־פעהלערם.

| זייט | שורה | | געדרוקט | דארף זיין געדרוקט |
|---|---|---|---|---|
| 8 | 7 | פון אונטען | אינטערנאַציאַל | אינטערנאַציאָנאַל. |
| 13 | 6 | " " | מיט'ן פאַרבאַנד | מיט'ן רעכטען פאַרבאַנד. |
| 14 | 7 | פון אויבען | זעה ארטיקלען | זעה רעזאלוציע. |
| 16 | 16 | " " | מאַסען־פאַרזאַמלונג | מאַסען פאַרזאַמלונגען. |

דאס איבערנעמען פון דער מאכט דורכ'ן פראָלעטאריאט איז דאס ערשטע פראָבלעם פון דער סאָציאלער רעוואָלוציע, ווייל נאָר אין דעם געזיכערטען באַזיץ פון דער מאכט קען דער ארבייטער־קלאס דורכפיהרען די לאנגע און שווערע אויפגאבע פון איבערבויען די געזעלשאפט.

צווישען דער באזייטיגונג פון דער ממשלה פון דער בורזשואַזיע און דער אויפ־ריכטונג פון דער קלאַסענלאָזער, סאָציאליסטישער געזעלשאפט ליגט די איבערגאנגס־תקופה, וואס איז די פערמאנענץ־ערקלערונג פון דער רעוואָלוציע, וועלכע, בפרט אין ציימען פון בירגער־מלחמה, נעמט אָן די פאָרמען פון דער דיקטאטור פונ'ם פראָלעטאריאט. עס איז דער גרויסער היסטאָרישער פארדינסט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואס זי האט געשאפען אין די ארבייטער־ראַטען א נייעם וויכטיגען כלי־זין פונ'ם פראָלעטאריאט אין זיין קאַמף געגען דער דיקטאטור פון דער בורזשואַזיע און א אָרגאן פון דער פראָלע־טארישער מלוכה אין דער אדורכגאנגס־צייט צו דער סאָציאליסטישער דעמאָקראטיע.

די וועלט־קאָנפערענץ געדענקט דערביי, אז דער נצחון פונ'ם סאציאליזם איז פארזיכערט נאָר דעמאָלט, ווען ער ווערט געטראָגען פון דער גרויסער מערהייט אין דעם אינטערעס פון דער גרויסער מערהייט און אז די דיקטאטור מוז זיך, צוליב דער דער־גרייכונג פון איהר ציל, שטיצען אויפ'ן פרייען ווילען פונ'ם ארבייטענדיגען פאָלק.

ביז דער דערגרייכונג פון דער דאָזיגער מדרגה פונ'ם רעוואָלוציאָנערען קאמף, שצט אויס דער ארבייטער־קלאס אלע אנשטאלטען פון דער דעמאָקראטיע אין דער בירגערליכער געזעלשאפט, כדי צו אָרגאניזירען און צו ערציהען די פראָלעטארישע מאסען צום קאמף געגען דער הערשאפט פון דער בורזשואַזיע און צוצוגרייטען דאס איינגעמען פון דער פאָליטישער מאכט דורכ'ן פראָלעטאריאט.

די וועלט־מלחמה און די רעוואָלוציע אין מזרח־אייראָפּא האָבען געהאט קאטאסטראָפאלע פאָלגען פאר די אידישע פאָלקס־מאסען און האבען אויפגעדעקט די טראַגישע סתירות אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון דעם עקסטעריטאָריאלען אידישען פאָלק.

די סאָציאליזירונג פון דער פראָדוקציע נעמט אוועק ביי גרויסע טיילען פון די קליינבירגערליכע אידישע פאָלקס־מאסען זייערע פונקציעס, דער אידישער פראָלעטאריאט, וועלכער איז קאָנצענטרירט אינ'ם קליין־באטריב און איז אָבגעריסען פון דער אורפראָדוקציע, זוי אויך די דעקלאסירטע פאָלקס־מאסען, באגעגענען גרויסע שווערינקייטען ביים אריינ־דרינגען אין דער נייער סאציאליסטישער ווירטשאפט. דאס באדערפעניש איבערצוגעהן צו פראָדוקטיווער ארבייט ווערט אלץ דרינגענדער, דער דראַנג נאך עמיגראציע ווערט אלץ שטארקער און דערמיט ווערט דער באלדיגער אויפבוי פונ'ם אידישען לעבען אויף די יסודות פון פראָדוקטיווער ארבייט און דער אויפבוי פון א אידישען סאציאליסטישען ארבייטס־ישוב אין ארץ־ישראל די צענטראלע אויפגאבע פון דער אלוועלטליכער אידישער ארבייטערשאפט.

II. כדי צו פאראיינהייטליכען און אנצופיהרען דעם רעוואָלוציאָנערען קאמף פונ'ם אלוועלטליכען פראָלעטאריאט, מוז ווידער אויפגעבויט ווערען א רעוואָלוציאנערער אינטערנאציאָנאל, וואס זאָל זיין אקציאָנס־פעהיג אין אינטערנאציאָנאלען מאסשטאב.

די פרובען, צו פאראייניגען אינ'ם צווייטען אינטערנאציאָנאל די סאצ. רעוו.

פארטייֶען און פארוואנדלֶען איהם אין דעֶם אנפירעֶנדיגעֶן אָרגאן פון דעֶר אינטעֶרנאציאָנאלעֶר פראָלעֶטארישעֶר אקציעֶ, האבעֶן זיך ניט איינגעֶנעֶבעֶן; די קאָנפעֶרעֶנץ עֶרקלעֶרט דעֶריבעֶר, אז דעֶר אלוועֶלטל. איד. סאצ. ארב. פארבאנד פועלי־ציון טרעֶט ארויס פונ'ם צוויטעֶן אינטעֶרנאציאָנאל.

די קאָנפערעֶנץ זעהט אין דעֶם דריטעֶן אינטעֶרנאציאנאל די אָרגאניזאציעֶ פונ'ם רעֶוואָלוציאנעֶרען פראלעֶטאריאט, ארום וועֶלכען ס'קעֶנען זיך פאראייניגעֶן אלעֶ פארטייעֶן, וואס שטעֶהעֶן אויפ'ן יסוד פונ'ם רעוואלוציאנעֶרעֶן סאציאליזם. כדי דעֶר ציל זאָל ווערעֶן דערגרייכט, איז עס די בשותפות'דיגעֶ אויפגאבע פון די דאָזיגעֶ פארטייעֶן, אויסצובויעֶן דאס אקציע־פראָגראם און די טאקטישעֶ כללים פונ'ם פראלעֶטארישעֶן אינטעֶרנאציאָנאל.

דעֶר נייעֶר אינטעֶרנאציאנאל מוז זיין דעֶר העכסטעֶר געֶזעֶצגעֶבעֶנדעֶר און אויספירעֶנדעֶר אָרגאן פונ'ם גאנצעֶן וועלט־פראלעֶטאריאט; עֶר מוז זיך אבעֶר דעֶרביי רעֶכעֶנעֶן מיט די באזונדעֶרהייטעֶן פונ'ם פראלעֶטארישעֶן באפרייאונגס־קאמף פון יעֶדעֶן פאָלק און לאנד און געֶבעֶן אלעֶ זיינעֶ טיילעֶן די נויטיגעֶ איניציאטיוו און זייערע אייגעֶנעֶ אקציאָנעֶן. די באפרייאונג פון די אונטעֶרדריקטעֶ נאציעֶס און דעֶר קאמף פאר דעֶר זיכעֶרונג פון די רעֶכט פון די נאציאנאלעֶ מינדעֶרהייטעֶן, מוז זיין איינעֶ פון די הויפט־אויפגאבעֶן פונ'ם נייעֶם אינטעֶרנאציאנאל.

אלס א טייל פונ'ם אינטעֶרנאציאָנאלעֶן פראלעֶטאריאט עֶרקלעֶרט עֶס דעֶר איד. סאצ. ארב. פארב. פועלי־ציון פאר א דרינגעֶנדען חוב פונ'ם אינטעֶרנאציאָנאלען ארבייטעֶר־קלאס, מיטצוהעֶלפעֶן מיט זיין וואקסעֶנדיגעֶר מאכט דעֶם איבעֶרבוי פון דעֶם אידישעֶן פאָלקס־לעֶבעֶן אויף די יסודות פון פרייעֶר פראדוקטיוועֶר ארבייט און אין דעֶם קאמף פונ'ם אלוועֶלטליכעֶן אידישעֶן פראלעֶטאריאט פאר זיינעֶ נאציאנאלעֶ זעֶלבסבאשטימונגס־רעֶכט אין אלע לעֶנדעֶר און פאר דעֶר שאפונג פון א אידישעֶר סאציאליסטישעֶר געֶזעלשאפט אין ארץ־ישראל.

אינ'ם זין פון דער דאזיגעֶר רעֶזאָלוציעֶ באאויפטראגט די וועֶלט־קאָנפעֶרענץ דאס פארבאנדס־ביוּרא זיך צו שטעֶלען אין פארבינדונג מיט'ן דריטעֶן אינטערנאציאנאל און מיט די רעֶוואלוציאנעֶרעֶ סאציאליסטישעֶ פארטייעֶן פון אלעֶ לעֶנדעֶר, כדי מעגליך צו מאכעֶן דעֶם אריינטריט אינ'ם דריטען אינטעֶרנאציאנאל.

## Nr. 4

## אונזער שטעלונג צו דער ציוניסטישער וועלט־ארגאניזאציע

1) דער ערשטער תנאי פאר דער השפעה פונ'ם אידישען ארבייטערקלאס אויפ'ן גורל פונ'ם ישוב, איז זיין זעלבשטענדיגע ארבייט אין ארץ־ישראל. א נ' אַנטשיידענדע באדייטונג פאר דעם כאַראַקטער פון דער נייער אידישערווירטשאפט קען ער אבער קריגען נאָר דעמאלט, ווען די ארבייטערשאפט וועט געווינען אַ געהעריגע דירעקטע השפעה אויף דער קאָלאָניזאטאָרישער ארבייט פונ'ם גאנצען אָרגאניזירטען אידישען כלל.

2) די אינסטאַנץ, וואס זאָל האבען די אויפגאבע, צו שאפען די פרייע אידישע געזעלשאפט אין ארץ־ישראל, איז אַ דעמאָקראַטיש־געוועהלטע פארטרעטונג פונ'ם אידישען פאָלק, וואס איז אינטערנאציאָנאל סאנקציאָנירט און פארמאָגט די נויטיגע רעכט און קאמפעטענצען.

ביז אזא פארטרעטונג ווערט געשאפען, מוז פאַרנעמען איהר אָרט א פאָלקס־אָרגאניזאציע, וואס באַזירט אויף פרייער געזעלשאפטליכער אינציאטיוו און רעפרעזענטירט אלע טיילען פון פאָלק וואס שטרעבען צו דער טעריטאָריאַלער פארענטפערונג פון דער אידישער פראגע אין ארץ־ישראל.

אַזאַ אָרגאניזאציע איז די ציוניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע. זי איז שוין איצט דער וויכטיגסטער פאַקטאָר פון דער אידישער קאָלאניזאציע אין א״י, פון וועמען ס׳איז דירעקט אדער אינדירעקט אבהענגיג סיי די נאציאנאל־קאָלאָניזאטארישע, סיי די פריוואט־ווירטשאַפטליכע, סיי אפילו די זעלבשטענדיגע פראָלעטארישע קאלאָניזאטאָרישע טעטיגקייט אין לאנד; די נייע פאָליטישע פארהעלטנישען אין לאַנד גיבען דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע און איהרע אָרגאנען יורידישע פרעראָגאטיווע און עקאָנאמישע מעגליכקייטען קודם כל אויפ׳ן געביט פון איינוואנדערונג און ערד־פראַגע, וואס פארגרעסערן נאך די וואָג פון איהר השפעה אויפ׳ן גורל פונ׳ם לאנד.

3) די ניט־באטייליגונג פונ׳ם פראָלעטאריאט אינ׳ם ציוניסטישען קאנגרעס און זיינע אויספיהרענדיגע קאָלאניזאטארישע אָרגאנען וואלט געהייסען מפקיר זיין די אויפבוי־ארבייט אין ארץ־ישראל אין די הענד פון דער בורזשואַזיע, מאכען דעם ציוניזם פאר אנ׳אינסטרומענט פון איהרע ריוח־אינטערעסען, אבשוואכען די פאָזיציעס פון דער אידישער ארבייטערשאפט, פארקלענערן איהרע ארבייטס־ און איינוואנדערונגס־מעגליכקייטען און שטעלען אין סכנה די פארווירקליכונג פונ׳ם ציוניזם.

די באטייליגונג אינ׳ם ציוניסטישען קאָנגרעס און די קאָנטראָלירונג פון זיינע אויספיהרענדע ישוב־אָרגאנען, דער סיסטעמאַטישער קאַמף געגען דער אידעאָלאָגיע און דעם קאָלאניזאציע־סיסטעם פון זייער קלאַסען־געגנער און די שטענדיגע אַרבייט פאר׳ן דערגרייכען א געהעריגע דירעקטע השפעה אויף די פאָרמען פון דער א״י קאלאניזאַציע איז דעריבער אנ׳אָרגאנישער טייל פון די אויפגאבען פונ׳ם וועלט־פארבאנד פועלי־ציון און זיינע לאַנד־פאַרטייען.

4) אויף דעם קאָנגרעס קעמפט דער פראָלעטאריאט געגען די כונות פון דער אידישער בורזשואַזיע, צו פארוואנדלען דעם ציוניזם אין א כלי־זין פון איהר קלאסען־הערשאפט, ווייזט אויף די אנטי־נאציאָנאלע און אנטי־ציוניסטישע טענדענצען פון איהר ישוב־ארבייט; באנוצט די קאָנגרעס־טריבונע פאר דער אָרגאניזירונג און דערציהונג פון דער אידישער ארבייטערשאפט צום קאמף פאר אַ סאָציאליסטישען א״י, גרופירט אַרום זיך די שכנ׳שע צווישענקלאסען, ארונטערוואַרפענדיג זיי אונטער זיין סאָציאליסטישער השפעה, קעמפט פאר דער דורכזעצונג פון זיינע קאלאָניזאציאנס־פרינציפען און זאמעלט ערפאַהרונגען און פעהיגקייטען, כדי איבערצונעהמען די פיהרונג פון דער גאנצער קאלאניזאַציע.

אין דעם דאזיגען קאמף שטיצט זיך דער אידישער פראלעטאריאַט אויף זיין אייגענער עיקר׳דיגער ראָל אין דער פארווירקליכונג פונ׳ם ציוניזם, אויף דער דירעקטער פאראינטערעס׳רטקייט פון די ברייטע פאָלקס־מאַסען אין דער שאפונג פון ארבייטס־מעגליכקייטען אין ארץ־ישראל און אויף דעם וואקסענדיגען פאליטישען כח פונ׳ם אינטער־נאציאנאלען פראָלעטאַריאַט.

5) אינ׳ם איצטיגען מאָמענט, ווען די פיהרענדע קרייזען פונ׳ם בירגערליכען ציוניזם נוצען אויס די סיטואציע, וואס איז געשאַפען געוואָרען דורך דער מלחמה און רעוואָלוציע, כדי צו איגנאָרירען די דעמאקראַטישע יסודות פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פיהרען איין מעטאָדען פון זעלבסטקאָאָפּטאציע און נאָטאַבלען־נאמינירונג, שטעהט דער וועלט־פאַרבאנד פועלי־ציון פאר אַ שווערען קאמף אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאציע.

די וועלט־קאנפערענץ פראָטעסטירט בפרט זעהר שארף געגען דער רעאָרגאַניזאציע פון דער לייטונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פונ׳ם נאַציאנאלפאָנד־דירעקטאָריום לויט די דערמאנטע מעטאָדען.

די וועלט־קאָנפערענץ סאָלידאַריזירט זיך מיט די פראטעסטען פון דער אידישער ארבייטערשאפט אין ארץ־ישראל געגען דעם ועד הצירים, וואס איז סיי אין זיין צוזאַמשטעל, סיי אין זיין טעטיגקייט אַנ׳אויסדרוק פון די אנטי־דעמאקראַטישע טענדענצען, וואס קריגען אלץ א גרעסערע השפעה אויף דער פיהרונג פון דער ציוניסטישער ארבייט.

דער ועד הצירים האט ניט געזאָרגט פאר׳ן אויסנוצען אלע מעגליכקייטען צו פארגרעסערן דעם ישוב און שאפען ארבייטס־מעגליכקייטען פאר נייע איינוואנדערער; ער האט אפילו ניט געזארגט דערפאר, אז די באפרייטע לעגיאנערען זאלען קענען פארבלייבען אין לאנד און פארשטארקען די פּאָזיציע פון דער אידישער ארבייט; ער האט נעגלעגט דעם ישוב שוועריגקייטען אין וועג ביי דער ארגאניזירונג פון א פּאָליטישער רעפּרעזענטאציע און האט פארנאכלעסיגט די אויפגאבען פון זעלבסט־שוץ בעת די געפעהרליכסטע מאמענטען, ער האט מיט זיין פּאָליטיק ניט פארלייכטערט, נאר פארשארפט די באַציהונגען צו דער אראבישער באפעלקערונג.

די קאָנפערענץ פּראָטעסטירט געגען די טענדענץ, וואס האט זיך געוויזען בנוגע דער אָרגאניזירונג פון דער איינוואנדערונג קיין א״י אונטער דער מאַסקע פון רעגולירען די עמיגראַציע צו שטערען און צו דעזאָרגאניזירען די פּראָלעטארישע איינוואנדערונג צוליב פּאָליטישע און פארטייאישע טעמים.

באַזונדערס שאַרף מוז צוריקגעוויזען ווערען די נטיה, צו מאכען אָבהענגיג די איינוואנדערונג פונ׳ם קענען די העברעאישע שפּראַך אָדער פון אַ באַשטימטער שטעלונג צו דער שפּראַכען־פראַגע אין לאַנד.

די וועלט־קאָנפערענץ פאָדערט אויף דאס פ. ב. צו פיהרען געגען די דאָזיגע טענדענצען אַ שאַרפען און ענערגישען קאַמף, צו באַטייליגען זיך אין דער רעאָרגאַניזאציע פון די עמיגראציע־עמטער און אין דער שאפונג פון די אַרבייטער־אָבטיילונגען לויט׳ן באַשלוס פון דער לאָנדאָנער ציוניסטישער קאָנפערענץ און צו קאָנצענטרירען די אַקציע צום קומענדיגען ציוניסטישען קאָנגרעס אַרום די פראַגען פון די סאָציאַליסטישע פּרינציפּען פון דער א״י קאָלאָניזאציע און אַרום דער גרינדליכער רעאָרגאַניזאציע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

---

די שפּאַלטונג פון׳ם וועלט־פאַרבאַנד האָט נאַטירליך גורם געווען אַ טיפע צורודערונג פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין אַ גרויסען היזק אין כחות, וואָס וועלען אויסגעשעפּט אויף פּראַקציאָנעלע מחלקות. מחמת דוחק אין פּלאַץ ווילען מיר דאָ געבען נאָר אַ קורצען איבערבליק איבער דעם איצטיגען מצב אין דער פּועלי־ציון־באַוועגונג.

דער צ. ק. און דער פּאַרטיי־ראַט פון דער פּועלי ציון־פּאַרטיי אין פּוילען האָבען באַשלאָסען צוצושטעהן צום לינקען וועלט־פאַרבאַנד, אויסדריקענדיג דערביי זייער באַדויערן איבער דער פּאַרגעקומענער שפּאַלטונג. דער באַשלוס דאַרף נאָך באַשטעטיגט ווערען פון אַ פּאַרטיי־קאָנפערענץ. די רעזאָלוציעס פון׳ם פּאַרטיי־ראַט „געפינט אויך, אַז אין׳ם אינטערעס פון דער פּועלי ציון־באַוועגונג איז נויטיג די קאָאָרדינאַציע פון ביידע פאַרבאַנדען ביי באַשטימטע געמיינזאַמע פראַגען״. דער־פאַר ווערען געפאָדערט אונטער־האַנדלונגען מיט׳ן צווייטען צד, כדי צו ברענגען צו אַ קאָאָרדינאַציע בנוגע די געביטען, וואו ס׳לאָזט זיך דערגרייכען אַ הסכם און קודם כל בנוגע דער ארץ ישראל־אַרבייט.

פון דער אַנדערער זייט איז אַנטשטאַנען צווישען די פּועלי ציון אין פּוילען אַנ׳ אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דעם מערב־פאַרבאַנד. אין קראָקוי איז אויף אַ באַראַטונג פון פּועלי ציון־אָרגאַניזאַציעס אין מזרח־גאַליציען גע־גרינדעט געוואָרען אַ „אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט פון די מערב־גאַליצישע אידישע ס.־ד. פּועלי ציון־אָרגאַניזאַציעס״, וואָס אַרבייט אין דער זעלבער ריכטונג.

בוקאָווינא האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן לינקען פאַרבאַנד, אויספאָדערענדיג אין דער זעלבען צייט דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ „זיך צו רעכענען מיט דער שטימונג אין די לאַנד־פּאַרטייען און צו זוכען וועגען און מיטלען, וואָס פיהרען צו אַ פאַרשטענדיגונג מיט׳ן רעכטען וועלט־פאַרבאַנד, כדי ווידער אויפצובויען אַנ׳איינהייטליכען וועלט־פאַרבאַנד פון דער פּועלי ציון־באַוועגונג״.

אין אַמעריקאַ האָט אַ טייל פון דער אָפּאָזיציע אין דער פּועלי ציון־פּאַרטיי זיך אָבגעשפּאָלטען און איז צוגעטרעטען צום לינקען פאַרבאַנד, בעת אַנ׳אַנדער טייל פון דער אָפּאָזיציע איז געבליבען אין דער פּאַרטיי און וויל אויף איהר משפיע זיין פון אינווייניג.

די סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי אין פּאַלעסטינאַ, וואָס איהר פאַרטרעטער איז אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער לינקער סעפּאַראַטער קאָנפערענץ אין ווין האָט אויף איהר 2. קאָנפערענץ לויט׳ן פאַרלאַנג פון לינקען פאַרבאַנדס־ביוראָ געביטען איהר פּראָגראַם און איז אויפגענומען געוואָרען אין לינקען פאַרבאַנד.

די אידישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי (פּועלי ציון) אין רוסלאַנד פאָדערט, אַז דער לינקער פאַרבאַנד זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ קאָמוניסטישער אַלוועלטליכער פּאַרטיי און זאָל ניט האָבען קיין מגע ומשא מיט׳ן פאַרבאַנד (זעה אונטען די רעזאָלוציע). זי פאַרלאַנגט צווישען אַנדערען, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבייטער־פּאַרטיי (פּועלי ציון) אין רוסלאַנד זאָל פון׳ם פאַרבאַנד אויסגעשלאָסען ווערען.

די לעצטע פּאַרטיי ערקלערט פון איהר זייט, אַז „דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ דאַרף אַרבייטען אין פולען קאָנטאַקט מיט אחדות העבודה, אַלס מיט דער אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַראייניגט דעם גאַנצען רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט פון פּאַלעסטינאַ, אומאָב־

הענגיג פון איהר באציהונג צום וועלט־פארבאנד און שטרעבענדיג צו רעוואלוציאניזירען אחדות העבודה פון אינויינינג".

א נייטראלע שטעלונג צו דער שפאלטונג האבען פארנומען די פארטיי אין מזרח־גאליציען און דער פועלי ציון פאראיין אין פאריז.

די אידישע סאציאל־דעמאקראטישע ארבייטער־ארגאניזאציע אין דייטשלאנד האט זיך אויף איהר קאנפערענץ פון 6—7 נאוועמבער געשטעלט דעם ציל ווידערצו־פא־איינגען די באוועגונג (זעה ארטיקלען), אויף וואס די קאמוניסטישע מיטגלידער האבען רעאגירט מיט א שפאלטונגס־אקציע.

רעזומירענדיג, מוז פעסטגעשטעלט ווערען, אז די גרויסע מערהייט פון דער באוועגונג פארלאנגט א ווידערפא־איינונג, אדער וועניגסטענס א קאארדינאציע אין דער פראקטישער ארבייט, ספעציעל בנוגע ארץ ישראל, בעת די קאמוניסטישע גרופען באקעמפען יעדען געדאנק פון א צוזאמענארבייט, ארייגטראגענדיג די טענדענץ פון א שפאלטונג אויך אינ'ם לינקען וועלט־פארבאנד.

---

# די אידישע קאמוניסטישע פארטיי (פועלי־ציון).

## I. רעזאלוציעס פון דער האמלער קאנפערענץ.

(10—15 אויגוסט 1919).

Nr. 5

אין דער אלגעמיינער פאליטיק האט די קאנפערענץ אנגענומען א פלאטפארם, וואס שטעלט זיך אין אלע פרטים אויפ'ן שטאנדפונקט פון דער רוסישער קאמוניסטישער פארטיי.

### וועגען נאציאנאלער פאליטיק.

I.

אין דער קאפיטאליסטישער ארדנונג ווערט יעדע נאציע אונטערדריקט, אויב זי אונטערדריקט ניט אנדערע. די באפעלקערונג ווערט איינגעטיילט אויף נאציאנאלע מערהייטען און מינדערהייטען. דער עיקר־פרינציפ פון נאציאנאלער זעלבסטבאשטימונג איז דער טעריטאריאלער: דער פערזאנאלער פרינציפ איז נאר א תקנה פאר נאציאנאלע מינדערהייטען.

א פרייע נאציע שאפט זיך נאר אין דעם פראצעס פון דער סאציאלער רעוואלוציע, ווען דער פראלעטאריאט קאנסטיטואירט זיך אלס ארבייטער־נאציע, וואס פאסט צו די סאציאלע פראדוקציע־פארהעלטענישען צו איהרע קולטורעלע באדערפענישען.

די סאציאליסטישע ארדנונג שאפט אפ די אינסטיטוטען פון נאציאנאלע מערהייטען און מינדערהייטען. דער עיקר־פרינציפ פון נאציאנאלער זעלבסטבאשטימונג ווערט דער פערסאנאלער: דער טע־

ריטאָריאַלער ווערט שוין די תקנה פאר דער ראציאָנעלער פאנאנדערטיילונג פון די כחות פון די נאציעס.

די סאציאליסטישע געזעלשאפט איז אַ פרייער פארבאנד פון נאציעס, וואס זייער עקאנאמישע טעטיגקייט איז צענטראליזירט און ווערט רעגולירט פלאנמעסיג אין **אַלוועלטליכען מאסשטאב, בעת זייער קולטורעלע טעטיגקייט איז נאציאנאל־אינדיווידועל.**

.II

דער עקספערימענט אין אוקריינע באווייזט, אז אין דער קאפיטאליסטישער אָרדנונג האט דער קאמף פאר נאציאָנאלער אויטאָנאָמיע א ריין דעמאָנסטראטיווען באטייט. ביי אַ סדר, וואס איז די סיבה פון יעדער פארשקלאפונג, קען ניט פארווירקליכט ווערען די נאציאנאלע אויטאָנאָמיע.

די איינציגע ערבות פאר דער אמת׳ער פארווירקליכונג פון דער נאציאנאלער זעלבסטבאשטימונג איז די **דיקטאטור פונ׳ם פראָלעטאריאט.** לכן איז דער קאמף פאר נאציאנאלער אויטאנאמיע ענג פארבונדען מיט דעם קאמף פאר דער ראטען־מאכט.

.III

אין אונזער איבערגאנגס־תקופה, ווען עס עקזיסטירען נאך באדייטענדיגע רעשטלאך פונ׳ם קאפיטאליזם און דעם פראלעטאריאט קומט נאך אויס צו געהן אויף געוויסע הנחות מיט דעם קליין־בירגערטום, דארף די נאציאנאלע אויטאנאמיע זיך צופאסען צו אלע באזונדערקייטען פון דער דאזיגער תקופה. זי דארף ערפילען אין אַ געוויסער מאָס די פונקציעס, וואָס זי האט געזאָלט ערפילען ביי דעם קאפיטאליסטישען רעזשים, זייענדיג אַ גאראנטיע — אויב ניט נעגען דער נאציאנאלער אונטערדריקונג, וואס איז אייגענטליך אוממעגליך ביי דער ראטען־מאכט, טאָ געגען דער נאציאנאלער איגנאָרירונג.

מיט דער פארשטארקונג פון דער ראטען־מאכט, ווען דער פראלעטאריאט באפרייט זיך פון דער השפעה פונ׳ם קליינבירגערטום, ווערט די נאציאנאלע אויטאנאמיע א מיטעל אויף צו ארגאניזירען די זעלבשטענדיגקייט פון די מאסען ארום די אלגעמיינע מלוכה־אויפגאבען, ווי אויך פאר דער אויסנוצונג פון די שעפערישע מעגליכקייטען פונ׳ם פראָלעטאריאט און באפרידיגונג פון די ספעציפישע באדערפענישען פון זיין נאציאנאלער סביבה.

.IV

כדי צו באפרידיגען די באדערפענישען פון די אידישע ארבייטער אלס בירגער און כדי זיי ארייננצוציהען אין אלגעמיינעם מלוכה־לעבען, ווערען געשאפען ביי די פארשיידענע קאָמיסאריאטען **אידישע סעקציעס.**

מיט דער ווייטערדיגער אנטוויקלונג פון דער ראטען־מאכט, מיט דער דערנעהנטערונג פון די ראטען־אנשטאלטען צום אידישען לעבען, וועקט זיך ביים אידישען פראָלעטאריאט אויף די שטרעבונג צו באהערשען אלע פראצעסען פון דער אידישער ווירקליכקייט און צו פארענטפערען אלע זיינע פראָבלעמען ארגאניזירטערהייט און אין

אַ מלוכה־מאַסשטאַב, ד. ה. די אידישע סעקציעס ווערען דורך זייער אָביעקטיווען גאַנג פון די געשעהענישען מגולגל אין אידישע ארבייטער־ראַטען.

### V.

נעמענדיג אין אכט די סטיכישע אויטאָנאָמיזירונג פונ׳ם אידישען לעבען, זאָגט זיך ארויס די קאָנפערענץ פאַר אנ׳אקטיווען אָנטייל אין די אידישע קאָמיסאַריאַטען און די אידישע סעקציעס ביי די פאַרשיידענע קאָמיסאַריאַטען און אָפּטיילונגען, כדי זיי איבער־צובויען אין הסכם מיט דעם לעבען פון דער אידישער באַפעלקערונג.

האָבענדיג פאַר אַ פּערספּעקטיוו אידישע ארבייטער־ראַטען, שטרעבען מיר:

1) אריינצוציהען אין דער טעטיגקייט פון די סעקציע ברייטע אידישע ארבייטער־מאַסען;

2) די באַשטימונג פון די אָנפיהרענדיגע קאָלעגיעס און דעם קאָנטראָל איבער זיי דאַרף איבערגעגעבען ווערען די אידישע קאָמוניסטישע גרופּען און די אידישע סעקציעס ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען;

3) צו קאָנצענטרירען די טעטיגקייט פון די סעקציעס אין די קאָמיסאַריאַטען, וועלכע קלייבען אויס אייף זייערע צוזאַמענפאָרען א צענטראַלען אָרגאַן;

4) פאָדערן ביי די פאַרוואַלטערס פון די סעקציעס אין קאָמיסאַריאַטען, זיי זאָלען רעגעלמעסיג אָפּגעבען פאַר ברייטע מאַסען־פאַרזאַמלונג אַ דין וחשבון איבער זייער ארבייט.

די דירעקטע אויפגאַבען פון די אידישע אויטאָנאָמע אָרגאַנען, איז די דורכפירונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין דער אידישער סביבה.

זייער קאָמפּעטענץ איז: 1) קולטורעלע בילדונגס־ארבעט, 2) דאָס אָפּהיטען פון דער פאָלקס־געזונדהייט פון דער אידישער באַפעלקערונג, 3) די סאָציאַלע פאַרזאָרגונג פון דער אידישער אָרימקייט, 4) צוציהען די אידישע מאַסען צו פּראָדוקטיווער ארבייט און בפרט צו דער לאַנדווירטשאַפט, 5) עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע.

### VI.

היות, ווי אין דעם גאַנג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע פאַרלירט די עמיגראַציע איהר סטיכישען כאַראַקטער באַשטעהט די אויפגאַבע פון די אָרגאַנען פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע ניט אין דער רעגולירונג פונ׳ם סטי־כישען עמיגראַציע־פּראָצעס, נאָר אין דער צוגרייטונג און אָנפיהרונג מיט דער קאָנצענט־ראַציע פון די אידישע מאַסען אין פּאַלעסטינא.

### VII.

היות, ווי די נאָרמאַליזירונג פון דער אידישער עקאָנאָמיק איז מעגליך נאָר אין אַנ׳אַלוועלטליכען מאַסשטאַב, זאָגט זיך ארויס די קאָנפערענץ פאַר דער צוגויפרופונג פון אנ׳אַלוועלטליכען צוזאַמענפאָהר פון אידישע ארבייטער־ראַטען.

## Nr. 6

## אונזער פּאַלעסטינער טעטיגקייט

### I.

דער איבערגאַנג פון דער פּאָליטישער מאַכט אין די הענד פונ׳ם ארבייטער־קלאַס בייט ניט ראַדיקאַל די עקאָנאָמישע לאַגע פונ׳ם אידישען פאָלק.

די אטנוויקלונג פון דער סאציאלער רעוואלוציע און דעם פערמאנענטען בירגער־קריג רואינירען די אידישע מאסע און מאכען איהר די אזוי אויך שלעכטע מאטעריעלע לאגע ניט צום דערטראגען.

די סאמע פראדוקטיווסטע אונטערנעהמונגען פון דער ראטען־מאכט אויף דעם געביט פון עקאנאמישער פאליטיק פיהרען אומפארמיידלאך צייטענווייז דערצו, אז באדייטענדע טיילען פונ׳ם אידישען האנדווערקער און האנדעלס־פראלעטאריאט און די אידישע ארימקייט ווערען ארויסגעשטויסען פון זייערע עקאנאמישע פאזיציעס.

די קאטאסטראפאלע עקאנאמישע לאגע פון דער אידישער באפעלקערונג צווינגט איהר צו זוכען נייע חיונה־קוואלען.

דער איבערגאנג פון די אידישע מאסען צו ערד־ארבעט און צו דער לאנדווירטשאפטליכער קולטור בכלל ווערט א קאטעגארישע נויט־ווענדינקייט.

אבער אויף דעם דאזיגען וועג שטויסען זיך אן די אידישע הארפאשענע מאסען אויף א רייהע מניעות, וועלכע זיינען איינגעווארצעלט אין דער גאנצער געשיכטע פונ׳ם אידישען פאלק, און וועלכע מען קען ניט גובר זיין אפילו ביי די גרעסטע אנשטרענגונגען פון דער אידישער באפעלקערונג און דער ארבייטער־מאכט.

די באוואוסטזיניגע אריינמישונג פון די אידישע ארבייטער־ארגאנען וועט דארפען קאנצענטרירען די אידישע עמיגרירענדע מאסע אין דעם איינציגען לאנד, וואו די אידישע קאלאניזאציע האט זיך איינגעגעבען אין לערך א ברייטען מאסשטאב, און וואו די ארטיגע באדינגונגען געבען די מעגליכקייט צו שאפען אן עקאנאמיש־נארמאלע אידישע באפעלקערונג: אין פאלעסטינא.

די סאציאליסטישע קאלאניזאציע אין פאלעסטינא, וואס איז מעגליך נאר ביי דער דיקטאטור פונ׳ם פראלעטאריאט, וועט דארפען אדורכגעפירט ווערען דורך דער פלאנ־מעסיגער ארבייט פונ׳ם פראלעטאריאט מיט דער הילף פון די אנפיהרענדיגע ארגאנען פון די סאציאליסטישע רעפובליקען און זייער צענטער, דער 3־טער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל.

היות ווי אויף דעם וועג צו שאפען א עקאנאמישע אידישע באפעלקערונג אין פאלעסטינא שטעהט די ענגלישע אקופאציע און אויך די פארעטערישע אידישע בורזשואזיע און איהרע אנפיהרער די ציוניסטען, איז די גאנצע ארבייט לטובת א אידישער סאציאליסטישער געזעלשאפט ענג פארבונדען מיט דעם קאמף געגען די אימפעריאליסטישע מלוכות פון דער אנטאנט.

## II.

די קאנפערענץ געפינט פאר נויטיג:

1) צו פיהרען א ברייטע אויפקלערונס־ארבעט צווישען די אידישע מאסען, פאפולאריזירענדיג די אידעע פון שאפען א אידישע סאציאליסטישע געזעלשאפט אין פאלעסטינא.

2) צו אינפארמירען די ברידערליכע קאמוניסטישע פארטייען מכח אונזערע צילען;

3) צו העלפען די אידישע מאסען איבערגעהן צו ערד־ארבייט און לאנדווירט־שאפט בכלל.

4) ענערגיש אדורכצופיהרען די ליקווידירונג פון די אידישע בירגערליכע — בפרט ציוניסטישע אינסטיטוציעס.

5) צו שאפען רויטע לעגיאָנען פאר'ן קאמף נעגען די אימפעריאליסטישע אָקופאנטען.

6) אויפצוהויבען אנ'אויפשטאנד אין אלע לענדער, וואס זיינען אָקופירט דורך דער אנטאנט און איהרע משרתים, באזונדערס אויפ'ן מזרח און בפרט אין פאלעסטינא.

ארויסגעהענדיג פון דעם עיקר־יסוד, אז די סאציאליסטישע קאָלאָניזאציע איז מעגליך נאָר ביי דער דיקטאטור פונ'ם פראָלעטאריאט און רעכענענדיג זיך מיט דעם פאקט, אז אין ראטען־רוסלאנד עקזיסטירט שוין די דיקטאטור פונ'ם פראלעטאריאט, באפולמעכטיגט די קאָנפערענץ דעם צ. ק. צוגרייטען א גענויען פלאן פון צוגרייטונגס־ארבייט צו דעם מאמענט, ווען די סאציאליסטישע קאָלאָניזאציע פון פאלעסטינא וועט ווערען מעגליך.

## Nr. 7

## II. דעקלאראציע פון דער איד. קאמ. פארטיי (פועלי ציון) צום 7. אלרוס־לענדישען צוזאמענפאהר פון די ראטען.

(געלייענט אויף דער ערשטער זיצונג דעם 5. דעצעמבער 1919).

דער 7. אלרוסלענדישער ראטען־צוזאמענפאהר קומט זיך צונויף אין דעם מאָמענט פון די גלענדצענסטע נצחונות פון אונזער ארמיי אויף אלע אויסערליכע פראנטען און פארשטארקונג פון אונזער אינטערנאציאָנאלער לאגע. דער דאזיגער קאָנגרעס קומט אויך פאָר אין דעם מאָמענט פון געדאנקליכען חורבן פון אלע פשרה־אילוזיעס און בעת דער נצחונ'דיגער קאמוניזם ווערט וואס וייטער אלץ מעהר פארשטארקט. די פלאמען פונ'ם בירגער קריג כאפען ארום אלץ נייע מדינות; עס וואקסט די רעוואָלו־ציאָנערע אקטיוויטעט פון די ארבייטענדיגע מאסען אין אייראפע און אמעריקע, וועלכע ווענדען אָן דעם מיטעל פון „דירעקטער אקציע". די בורזשואזיע און דער פראָלעטאריאט באוואפנען זיך איינע אנטקעגען די אנדערע צו א לעצטען קאמף אויף לעבען און טויט און דער 3. קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל ווערט א פיהרענדיגע צענטער פונ'ם פראלעטארישען קאמף.

דער 7. קאָנגרעס פון די ראטען וועט מוזען פארענטפערען א גאנצען סכום פון גאנץ חשוב'ע שאלות און קודם כל די שאלה פון שלום און דעם אינוועניגסטען אויפבוי פונ'ם לאנד. מיט א באזונדערען ישוב הדעת וועט מען זיך מוזען אָפשטעלען אויף דעם קאמף געגען דעם הונגער, די קעלט, די חולאת'ן און אנדערע פועלי־יוצא'ס פון דעם עקאָנאמישען פונאנדערפאל, וואס זיינען די גרעסטע און שווערסטע מניעה אויף דעם וועג צו דער פארפעסטיגונג פון דער סאָוויעט־מלוכה. אקעגען די דאָזיגע קרענק איז דא נאר איין תרופה: אריינגיסען אין דעם אָרגאניזם פון די סאָוויעטען נייע קאָמוניסטישע כחות און צוציהען ברייטע טיילען פון דער ארבייטערשאפט צו דער הנהגה פון דעם מלוכה־אפאראט.

די נאציאָנאלע פראגע די נגע צרעת פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג מוז געפינען איהרע רעוואָלוציאָנערע פארענטפערונג אויף דעם 7־טען קאָנגרעס פון די ראַטען.

דער ארבייטער־קלאַס פון די הערשענדיגע פעלקער האָט זיך נאָך ניט אינגאַנצען באפרייט פון אַ סך בורזשואַזיע פאראורטיילען אין דעם פרט פון דער נאַציאָנאלער פראַגע. אויב די פּאָליטיק פונ׳ם אימפּעריאַליזם ווערט באגלייט פון אַ מין נאַציאָנאלער שנאה, ווערט די פּאָליטיק פון ראַטען־רוסלאַנד באגלייט פון אַ מין נאַציאָנאלער אפגעלאָזענקייט. דער זאַץ פון דער ראַטען־קאָנסטיטוציע מכח זעלבסטבאשטימונגס־רעכט האט נאך ניט געפונען זיין ממשות׳דיגען אויסדרוק אינ׳ם לעבען דאס ניט די מעגליכקייט דער בורזשואַזיע פון די נאַציאָנאלע מינדערהייטען אויסצונוצען די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג אין זייערע אייגענע קלאַסען־אינטערעסען. די באציהונג פון סאָוויעט־רוסלאנד צו די קירגיזען און באַשקירען איז אַ טראָט פאָרויס.

דער 7. קאָנגרעס פון די ראַטען מוז מאכען אַ סוף צו אַזאַ מין שעדליכער פּאָליטיק די נאציאָנאלע זעלבסטבאשטימונג פון דער ארבייטענדיגער מאַסע אין דער אָדער יענער נאציאָנאליטעט דאַרף דורכגעפיהרט ווערען דורך דער פּאָליטישער דיקטאַטור פון דער דאָזיגער נאַציאָנאליטעט. דאס אייניגע, ניט צוטיילטע רוסלאַנד מוז אָפּטרעטען דעם אָרט פאַר אַ פרייע פעדעראַציע פון פּראָלעטאַריאַט נאַציעס. די אידישע ארבייטער־מאַסען דאַרפען באַזונדער זיין פאַראינטערעסירט אין דעריין, ווארום זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען ווערען ניט אַנערקענט. די קאָמיסאריאַטען ווערען פארוויאַנעט אין דער אַטמאָספערע פון ביוראָקראַטיזם. די דיקטאַטור פון דעם אידישען פראָלעטאריאַט אויף דער אידישער גאַס וויייזט זיך דורך קיין זאַך ניט אַרויס.

די איד. קאָמ. פּאַרטיי (פּועלי ציון) דערקלערט אינ׳ם נאמען פונ׳ם אידישען פראָלעטאריאַט, אַז זי איז בטוח אין דעריין, דאס דער 7־טען קאָנגרעס פון די ראַטען וועט די אידישע ארבייטער מאַסען געבען די מעגליכקייט צוצוטרעטען צו דעם אויפבוי פון זייערע אויטאָנאמע פּראָלעטאַרישע אָרגאַנען, די אידישע ארבייטער־ראַטען. אויף זייער חלק ווערט אויספאַלען די אויפגאבע צו באַפרידיגען די עקאָנאָמישע און קולטורעלע באַדערפנישען פון די אידישע ארבייטער־מאַסען.

נאָר די אידישע אַרבייטער־ראַטען אַליין וועלען זיין ביכולת אוועקצושטעלען די אַלטע אנגעווהעטאָגטע אידישע פראַגע אין איהר גאַנצען הקף אויף דעם סדר היום פון דער פראָלעטאַרישער וועלט־רעוואָלוציע.

די עקסטעריטאריאַליטעט פונ׳ם אידישען פאלק איז די סיבה פון דער ניט־נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון זיין עקאנאמישער און קלאַסען־סטרוקטור, זי האט באַגרענעצט די מעגליכקייטען פון קלאַסען־קאַמף און קלאַסען־דערנרייכונגען פונ׳ם אידישען פראָלעטאַריאַט. דער חורבן, וואס די וועלט־מלחמה האט געבראַכט, האט זיך מיט אַ באַזונדערען כח געווירקט אויף דעם אידישען לעבען. דער פאנאַנדערפאל פון דער קליינער פראָדוקציע, וואו ס׳זיינען על פי רוב קאָנצענטרירט די אידישע מאַסען האט אַרויסגערופען אַ שרעקליכען דלות און אַרבייטס־לאָזיגקייט.

דער אַנטיסעמיטיזם, דער ווילדעסטער און ערגסטער אויסדרוק פונ׳ם זאָאָלאָגישען שאָוויניזם, בושעוועט מיט אַ באַזונדערער ווילדקייט אין די טעג פון דער גרויסער בירגער־

מלחמה. די אידישע פאגראמען, דער אַלטער אויסגעפּרובטער מיטעל פון דער קאנטער־רעוואלוציע, זיינען תמיד די באַגלייטער פון אַלע ווייסגווארדיסטישע באַנדעס. הונדערטער אידישע שטעדט און שטעדטלאַך זיינען הרוב געווארען ביז אויפ׳ן גרונד און הונדערטער טויזענדער אידישע לעבענס זיינען אכזריות׳דיג אויסגעראטען געווארען פון די ווייסע גווארדייצעס אין אוקריינע, פוילען און ליטאָ.

אַפילו די סאַמע פּראָגרעסיווע עקאנאמישע אונטערנעהמונגען פון דער ראַטען־מאַכט ווייזען זיך אַרויס אין דער פּראַקטיק אַלס מסוכנ׳דיגע פאַר די ברייטע אידישע מאַסען; זיי שטויסען זיי אַרויס פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און גיבען זיי דערווייל גארנישט אויפ׳ן אָרט פון די דאזיגע פארלאָזענע פּאָזיציעס.

דער דערנעהרונגס־קריזיס, וואס עס לעבט איצט איבער דאס לאַנד, לאָזט זיך פיהלען באַזונדערס טיעף צווישען דער אידישער באַפעלקערונג, דאס הוב אַ שטאָדטינער, וואס איז אין גאַנצען איזאָלירט פון דאָרף און אָפּגעריסען פון דער ערד.

דאס אַלץ רופט אַרויס אַ סטיכישע שטרעבונג פון די אידישע הארעפאשנע און דעקלאסירטע מאַסען צו נייע פאָרמען פון פּראָדוקטיווער ארבייט און פארשטאַרקט זייער נטיה צו ערד־אַרבייט.

די אידישע ארבייטער־ראַטען זיינען די, וואס דארפען געבען אַנ׳ענטפער אויף די מאַטעריעלע און גייסטיגע נויטען פון די אידישע אַרבייטענדע מאַסען. די אידישע אַרבייטער ראַטען דאַרפען שאַפען די נייע אידישע פּראָלעטאַרישע קולטור, איבערבויען די פאָלקסשול אויף דעם ארבייטס־פּרינציפּ אַריינציהען די ברייטע אידישע מאַסען אין דעם פּראָדוקטיווען לעבען פונ׳ם לאנד, שאַפען לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבייטס־קאָמונעס, באַהערשען דעם סטיכישען פּראָצעס פון דער אידישער עמיגראַציע און ארגאניזירען און איבערבויען דאס גאנצע אידישע לעבען אויף נייע קאָמוניסטישע יסודות.

פון דעסטוועגען קענען די רייף־געוואָרענע באדערפעני׳שען פון די אידישע מאַסען נאר צום טייל פאַרענטפערט ווערען אויף די טעררי־טאריע פון דער ראַטען־רעפּובליק.

צוזיט און צושפרייט איבער דער ווייטער טעריטאריע פון דער רעפּובליק וועלען די לאַנדווירטשאַפטליכע קאמונעס ניט קענען באַפרידיגען די מאַסען־באַדערפעניש אין דער קאנצענטרירטער קאמוניסטישער קאלאניזאציע. לכן זיינען די אידישע מאַסען געצוואונגען ווייטער צו עמיגרירען קיין פּאַלעסטינא, וואו ס׳איז שוין געלעגט אַ פעסטער יסוד פאר דער קומענדיגער אידישער קאמוניסטישער געזעלשאַפט.

די אידישע קאמוניסטישע פארטיי (פועלי ציון) האלט פאר נויטיג צו ערקלערען לפני דעם 7־טען אלרוסלענדישען ראטען־קאנגרעס, אז די אידישע מלוכה, וואס איז פּראָקלאמירט דורך די מלוכות פון דער אנטאנט, שטעהט אין א שארפער סתירה צו די אינטערעסען פון דער אידישער ארבייטער־קאלאניזאציע אין פאלעסטינא, און זי רופט דעם אידישען פּראלעטאריאט פון דער גאנצער וועלט צו פּראָטעסטירען און אקטיוו געגענטווירקען דער געפעהרליכער אוואנטורע.

די אידישע קאמוניסטישע פארטיי שטרעבט צו ווערען דער אוואנגארד פון דער קאמוניסטישער באוועגונג אויף דעם נאָהנטען מזרח, צו ארגאניזירען סעקציעס פונ׳ם 3־טען אינטערנאציאנאל אין פאלעסטינא, כדי אינאיינעם מיט די סעקציעס פון אנדערע

פעלקער פון מזרח אנצופיהרען דעם קלאסען־קאמף און נאציאנאל־רעוואלוציאנערען אויפשטאנד געגען דער הערשאפט פונ׳ם אלוועלטליכען אימפעריאליזם. די אידישע קאמוניסטישע פארטיי (פועלי ציון) האָפט, אז דער 7. אלרוסלענדישער ראטען־צוזאמענפאהר וועט אריינברענגען אין חשבון די ראָלע און דעם באטייט פונ׳ם אלוועלטליכען אידישען פראלעטאריאט, ווי א קאמוניסטישען אוואנגארד פונ׳ם נאהענטען מזרח און וועט איהם מיט אלע מיטלען אונטערשטיצען אינ׳ם קאמף מיט׳ן ענגלישען אימפעריאליזם פאר דער פארווירקליכונג פון דער קאמוניסטישער געזעלשאפט אין פאלעסטינא.

די אידישע קאמוניסטישע פארטיי (פועלי ציון), וואס איז די פארטיי פון דער אקטאבער־רעוואלוציע אויף דער אידישער גאס, איז גליקליך צו באגריסען אין דעם אויסערגעוועהנליכען פייערליכען רגע דעם רוסישען רעוואלוציאנערען פראלעטאריאט, פארקערפערט אין דעם 7. אלרוסלענדישען ראטען־צוזאמענפאהר און ווינשט דעם צוזאמענפאהר א ערפאלגרייכע פארענטפערונג פון די אלע פראגען, וואס שטעהען אויפ׳ן סדר היום פון פראלעטארישען קאמף און אויפבוי.

זאל לעבען די רוסלענדישע סאציאליסטישע פעדעראטיווע ראטען־רעפובליק!

זאל לעבען די זיגרייכע רויטע ארמיי!

זאל לעבען דער 3. אינטערנאציאנאל!

זאל לעבען די וועלט־רעוואלוציע!

(איבערזעצט פון „גאקאנטונע״ נום. 2—3, האמעל, 15. פעברואר 1920).

---

## III. רעזאלוציעס פון פארטיי־ראט

(מאָסקווע, דעם 9.—15. סעפטעמבער 1920)

### Nr. 8

### וועלט־פארבאנד.

I.

אויסהערענדיג די אינפארמאציעס איבער דעם גאַנג פון דער וועלט־קאנפערענץ פון „פועלי ציון״ און רעכענענדיג:

1) אַז די שאפונג פון דעֶר אידישער קאָמוניסטישער פארטיי (פועלי ציון) אין רוסלאנד, איהר עקשנות׳דיגער קאמף אין אַ משך פון אַ יאָהר, די שאפונג פון ווינער אָ. ב., האבען רעוואלוציאניזירט די אלוועלטליכע פועלי ציון־באוועגונג און האָבען נעבראכט צו דער פאראייניגונג פון איהרעֶ אַלע רעוואלוציאנערע עלעֶמענטען אינ׳ם נייעם „וועלט־פארבאנד״;

2) אז דֶער נייער „וועלט־פארבאנד״ איז א מיטעל צו שאַפען אנ׳אלוועלט־ליכע אידישע קאָמוניסטישע פאַרטיי;

באשטעטיגט דער פארטיי־ראַט דעם אריינטריט פון אונזערע פארשטעהער אין פארבאנדס־ביורא.

II.

אין „וועלט־פארבאנד״ שטעהט פאר דער פארטיי די אויפגאבען פון

רעוואלוציאניזירען זיינע אלע טיילען און צוגעבען איהם א קלאָר אויסגעשפּראָכענעם קאָמוניסטישען כאַראַקטער.

ארויסגעהענדיג דערפון פאדערט די איד. קאָמוניסטישע פארטיי (פועלי־ציון) פונ'ם פארבאנדס־ביוראָ פאלגענדעס:

1) די אידישע סאציאל־דעמאָקראַטישע אַרבייטער פאַרטיי (פועלי ציון) אין רוסלאנד דאַרף אויסגעשלאָסען ווערען פונ'ם „וועלט־פארבאנד".

2) אין פארבאנדס־ביוראָ טאָרען ניט דערלאָזען ווערען יענע פארטיי־פיהרער, וועלכע האבען זיך קאָמפּראָמעטירט מיט דעם קאמף נעגען די קאָמוניסטישע פראקציעס אין זייערע פארטייען.

3) דער נייער פארבאנד דאַרף אויפ'ן רעוואלוציאנערסטען אופן זיך אָפּ־גרענעצען פונ'ם אלטען פארבאנד אויף אלע געביטען פון זיין טעטיגקייט, בפרט אויף דעם פּאַלעסטינישען געביט.

4) דאס פארבאנדס־ביוראָ דאַרף אונטערשטיצען און אָרגאניזירען אלע קאָמוניסטישע פראַקציעס אין די לענדער, וואו ס'איז נאך ניט פארגעקומען די פולע פּאָליטישע דיפערענצירונג אין די פארטיי־מאַסען. וואס איז נוגע צו די שכנות'דיגע צו רוסלאנד קאפּיטאליסטישע לענדער, דארפען דאָרטען פון די עקזיסטירענדע פארטייען (פועלי ציון) געשאפען ווערען קאָמוניסטישע פאַרטייען.

5) בנוגע פאלעסטינאַ דאַרף דאס פארבאנדס־ביוראָ אָנגעהמען אלע מיטלען צו אָר־גאניזירען די סאציאליסטישע פארטיי פון פאלעסטינא אזוי, אַז זייענדיג אַ טעררימאָריאַלע פארטיי פון פאלעסטינא, זאל זי אריין אין דער אייגענער צייט אין „וועלט־פארבאנד" אלס א טייל פון איהם.

6) די באציהונגען צווישען דער סאציאליסטישער פארטיי אין פאלעסטינא (פועלי־ציון) און „אחדות העבודה" דאַרפען זיין איינגעשטעלט לויט די אלגעמיינע כללים פונ'ם 2. קאנגרעס פון 3. אינטערנאציאנאל, וואס באשטימען די באציהונגען פון די קאָמוניסטישע פארטייען צו די געהעריגע אָרגאניזאציעס.

## Nr. 9
## פאלעסטינא־ארבעט.

### I.

נעהמענדיג אין באטראַכט, אז דער וואוקס פון דער אידישער ארבייטער־עמיגראציע קיין פאלעסטינאַ שטעלט פאר'ן אידישען פּראָלעטאריאט אַ רייהע קאנקרעטע אויפ־גאַבען, פון וועמעס ערפילונג עס איז אָפּהענגיג די פארשטארקונג פונ'ם אידישען ארבייטער־עלעמענט און זיין רעוואלוציאנערען קאמף אינ'ם לאנד, באשליסט דער פארטיי־ראַט אַקטיוו אונטערצושטיצען דעם נייעם וועלט־פארבאנד אין זיין פאלעסטינא־אַרבייט דורכדעם, וואס מען וועט דורכפיהרען אין לעבען די אונטערנעהמונגען, וואס זיינען מעגליך ביי די תנאים פון די ראַטען־לענדער.

## II.

די אנטוויקלונג פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג אויף דעם מזרח, דער צוזאַמענפאָהר פון די מזרח־פעלקער אין באַקו שמעלט פאַר דער איד. קאמוג. פארטיי (פועלי־ציון) די פאָלגענדע ארבייטען אין פאלעסטינא און נאהענטען מזרח:

1) אָרגאניזירען די רעוואלוציאנערע פראפאגאנדע צווישען די אידישע און אראבישע מאַסען.

2) פארשטארקען די רעוואלוציאנערע עלעמענטען פונ׳ם אידישען פראלעטאריאט אין פאַלעסטינא.

3) העלפען די חברים ארבייטער אין פאלעסטינא אין זייער רעוואלוציאנערען קאמף געגען די אימפעריאליסטען.

צוליב דעם באשליסט דער פאַרטיי־ראַט:

א) אויסטיילען פונ׳ם צ. ק. אַ פאלעסטינא־ביוראָ פאר רעגולירען און דורכפיהרען אין לעבען די פראקטישע התחלות פון דער פאלעסטינער ארביט.

ב) פארגרעסערען דעם ארבייטער־עלעמענט אין פאלעסטינא מיט פרישע רעוואָלוציאָנערע כחות.

ג) העלפען די חברים אין פאלעסטינא ארויסגעבען בראָשורען, צייטונגען און זשורנאלען אויף אידיש און אראביש, כדי צו באקענען די ארבייטער מאַסען אין פאלעסטינא מיט׳ן קאָמוניזם און די פרינציפען פון ראַטען־בויאונג.

ד) צוזאַמענשטעלען א רייהע געניטע אינסטרוקטארען, וואס זיינען גוט באקאנט מיט די פראגען פונ׳ם מזרח.

ה) פארבינדען זיך מיט די קאָמוניסטישע אָרגאניזאציעס פון די שכנות׳דיגע לענדער פון פאלעסטינא, עגיפטען און סיריען.

ו) איינשטעלען א קאנטאקט מיט די מזרח־אָפטיילונגען פונ׳ם קאָמוניסטישען אינטערנאציאנאל.

ז) שאפען אין די לענדער פון דער אידישער עמיגראציע (פוילען, רומעניען עסטרייך און אנד.) אינפארמאציע־ און אגיטאציע־ביוראָען פאר דערברייטער קאָמוניסטישער פראפאגאנדע צווישען די עמיגרירענדיגע אידישע מאַסען.

ח) איינשטעלען א שטענדיגע פארבינדונג מיט פאלעסטינא דורך שיקען דעלעגאַציעס און אָרגאניזירען א ספעציעלע פארשטעהערשאפט פון די פאַלעסטינער חברים ביים צ. ק.

## Nr. 10

### אידישע פראלעטארישע „זעלבסטפארוואלטונג.

די לעצטע געשעהענישען אויפ׳ן פראנט, דער אויפבוי פון דער ראטען־מאכט אין דעם אידישען תחום־המושב פאדערט די דרינגענדע שאפונג פון ארגאנען פון דער אידישער פראָלעטארישער זעלבסטפארוואלטונג. לכן רופט דער פארטיי־ראט דעם אוואנגארד פונ׳ם אידישען פראלעטאריאט, זיין קאָמוניסטישע פארטיי, אנצושטרענגען אלע זיינע כחות, כדי צו פארווירקליכען דעם ראטען־אויפבוי אויף דער אידישער גאס.

אין הסכם מיט דער רעזאָלוציע פון דער צווייטער פּאַרטיי־קאָנפערענץ, לעגט פאַר דער פּאַרטיי־ראַט אַלע אָרגאַניזאַציעס תיכף צוטרעטן צו ענערגישער אַרבייט אויף דעם געביט פון צוטיפּרופן אומפּאַרטייאישע אידישע אַרבייטער־קאָנפערענצן, אויף וועלכע עס דאַרפן באַהאַנדעלט ווערן אַלע אָנגעוועהטאָגטע פּראַגן פון דער אידישער ווירק־ליכקייט, און וועלכע דאַרפן אַרויסווייזן די גרייטקייט פון׳ם אידישן אַרבייטער־קלאַס בויען זיינע אַרבייטער־ראַטן.

שטרעבענדיג צו דער גרעסערער קאָנצענטרירונג פון רעוואָלוציאָנערער ענערגיע און איניציאַטיוו פון׳ם אידישן פּראָלעטאַריאַט, נעמט דער פּאַרטיי־ראַט פאַר נויטיג צוטיפּרופן גענענדי און אַלרוסישע־אַרבייטער־קאָנפערענצן.

אונטערשטרייכענדיג דעם ביוראָקראַטישן כאַראַקטער און פולע ניט־טעטיגקייט פון די עקזיסטירענדע אידישע ראַטן־אָרגאַנען, לעגט אַוועק דער פּאַרטיי־ראַט אויף אַלע אָרגאַניזאַציעס דעם חוב צו פאַרשטאַרקן די טעטיגקייט אין די דאָזיגע אָרגאַנען, שטעלענדיג זיי אונטער דעם קאָנטראָל פון די ברייטע אידישע האַראַפּאַשנע מאַסן. דערצו דאַרפן די פּאַרוואַלטער מיט די אידישע סעקציעס פעריאָדיש אָפּגעבן עפנט־ליכע באַריכטען.

כדי צו קאָנצענטרירן די טעטיגקייט פון די אידישע ראַטן־אָרגאַנען, איז דורכאויס נויטיג תיכף צוטיפּרופן, ווי אין צענטער, אַזוי אויך אין דער פּראָווינץ די פּלענומס פון די אָנפירענדע קאָלעגיעס, וועלכע דאַרפן אויסאַרבייטן די אַלע אונטערנעהמונגען פון ראַטן־בויאונג אויף דער אידישער גאַס אינ׳ם אַלרוסלענדישן מאַסשטאַב.

דער פּאַרטיי־ראַט מאַכט דעם צ. ק. אויפמערקזאַם אויף דער נויטיגקייט אָנצונעהמען די געהעריגע מיטלען, כדי צו אָרגאַניזירן די פאַרשטעהערשאַפט פון דעם אידישן אַרבייטער קלאַס אינ׳ם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר נאַציאָנאַלע ענינים אין הסכם מיט דעם פאַר־דעקרעט וועגן רעקאָנסטרויאירונג פון דעם דאָזיגן פאָלקס־קאָמיסאַריאַט.

## Nr. 11

## וועגן קולטור־אַרבייט.

דער פּאַרטיי־ראַט באַשליסט:

1) רופן אַלע חברים אַקטיוו אַנטייל צו נעהמען אין דער ליקווידירונג פון עם־הארצות און פאַרשפּרייטונג פון פּראָפעסיאָנעל־טעכנישער בילדונג צווישן די אידישע מאַסן.

2) צונרייטן דעם באָדן פאַר פאַרוואַנדלען די אידישע סעקציעס פון פאָלקס־קאָמיסאַריאַטן פאַר בילדונג אין געזעלשאַפטליך־פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פיהרן אויס די קולטורעלע בילדונגס־פונקציעס, אין אָרגאַנען פון אידיש־פּראָלעטאַרישער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

3) שאַפן קאָמוניסטישע גרופּן אין די עקזיסטירענדע אידישע פּראָלעטאַרישע קולטור־אַנשטאַלטן.

## Nr. 12

### די באציהונג צו אנדערע אידישע קאמוניסטישע גרופירונגען.

דער פארטיי־ראט באשליסט:

1) אז די אידישע סעקציעס און די אידישע אפטיילונגען ביי דער קאמוניסטישער פארטיי פון רוסלאנד און קאמוניסטישער פארטיי פון אוקראינע זיינען ארגאניזאציעס, וואס גרופירען נים ארום זיך דעם אידישען פראלעטאריאט. זייער טעטיגקייט איז אנגעווענדט איינגאנצען צו ליקווידירען די אידישע ארבייטער־באוועגונג און איז געגען דער זעלבסט־טעטיגקייט און רעוואלוציאנערער איניציאטיוו פון די אידישע הארעפאשנע מאסען.

2) אז דער קאמוניסטישער בונד, אפטרעטענדיג פון די רעזאלוציעס פון זיין לעצטער קאנפערענץ, פאסט זיך צו און אריענטירט זיך אויף דער ליקווידאטארישער פאליטיק פון די אידישע סעקציעס און אידישע אפטיילונגען און אויף אזא אופן פארלירט ער דעם כאראקטער פון א זעלבסטשטענדיגער אידישער ארגאניזאציע.

3) לכן בלייבט די איד. קאמונ. פארטיי (פועלי ציון) דער איינציגער קאמוניסטישער צענטער פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג. דער פארטיי־ראט האלט פאר זיין חוב צו רופען אלע ארגאניזאציעס, פארשטארקען און אנטוויקלען א ענערגישע ארבייט אויף אלע געביטען פון דער אידישער ווירקליכקייט אין הסכם מיט די רעזאלוציעס פון דער לעצטער קאנפערענץ און לויט די אנווייזונגען פון פארטיי־ראט.

## Nr. 13

### וועגען ס.־ד. (פועלי ציון)

1) דאס אוועקגעהן פון דער קאמוניסטישער פראקציע פון דער אידישער ס.־ד. ארבייטער פארטיי (פועלי ציון) אויפ׳ן 5. פארטיי־טאג און איהר פאראייניגונג מיט די איד. קאמונ. פארטיי (פ״צ) האט פארענדיגט די דיפערענצירונג אין די פארטייאישע מאסען פון אונזער באוועגונג און האט קלאר אונטערגעשטראכען דעם אפארטוניסטישען און קליינביר־גערליכען כאראקטער פון די ס.־ד. (פ״צ).

2) די „לינקע, כמעט קאמוניסטישע" רעזאלוציעס, וואס זיינען אנגענומען געווארען אויפ׳ן פארטיי־טאג, וואס זיינען דער היסוף פון דער פראקטישער ליניע פון די פיהרער פון ס.־ד. (פ״צ), זיינען א נייער פרוב פון זייער צד איינצוהאלטען אין זייערע רייהען אייניגע ניטבאוואוסטזיניגע אידישע ארבייטער־עלעמענטען.

ארויסגעהענדיג דערפון באשליסט דער פארטיי־ראט צו פיהרען אנ׳אגיטאציע צווישען די נעבליבענע ארבייטער־עלעמענטען אין דער ס.־ד. (פ״צ), כדי קלאר צו מאכען פאר זיי דעם גאנצען אפארטוניסטישען און ליקווידאטארישען כאראקטער פון די ס.־ד. (פ״צ) און צוציהען זיי צו דער איד. קאמונ. פארטיי (פ״צ).

(„גאקאנונג" נומ. 4. מאסקווע, דעם 15. אקטאבער 1920)

---

Nr. 14

# פאלעסטינא און דער בריטישער אימפעריאליזם.

## דעקלאראציע,

אָפּגעגעבן צום עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פונ׳ם 3. אינטערנאציאנאל און דער סאָוויעט־רעגירונג פון די פועלי־ציון־מיטגלידער און דער דעלעגאציע פונ׳ם קאָנגרעס פון די מזרח־פעלקער אין באַקו.

בראש פון די קאָלאָניאלע רויבער, וואס פארשקלאפּן די מזרח־פעלקער, שטעהט די ענגלישע בורזשואזיע. די אינטערעסן פונ׳ם ענגלישן אימפעריאליזם פאדערן, אַז מעסאפּאטאַמיען און סיריען זאלן שטעהן אין ענגלאנדס רשות, כדי צו פאראייניגן אינדיען מיט עגיפּטן און דורכדעם אויך מיט דער מעטראפּאליע. די גינציגע געאָגראפישע לאגע פון פּאַלעסטינא מאכט זי טייער אין די אויגן פון די ענגלישע אימפּעריאליסטן, וועלכע שטרעבן אפּטן צו מאכן פון איהר זייערע א קאלאניע.

די דאזיגע שטרעבונג שטויסט זיך אבער אָן אויף אַן׳עקשנות׳דיגן ווידערשטאנד מצד דער באַפעלקערונג פונ׳ם לאנד, מחמת דעם וואס ענגלאנד איז היינט־ניט בכח, ווי פריהער צו געבן איהרע קאלאניעס דעם סכום סחורות, ווייל איהרע עקאנאמישע רעסורסן זיינען אויסגעשעפּט דורך דער מלחמה, און איהר פּראָדוקציע איז אין א געוויסער מאס חרוב געווארען. זי איז בכלל ניט ביכולת אויפצוטון עפּעס לטובת אן אנדער לאנד, און לכן נעמט אָן היינט איהר קאלאניאַלע פּאָליטיק א כאראקטער פֿון עקאנאמישען רויב און אומבאַגרענעצטען געוואלט, וואס שטיצט זיך אויף מיליטער־מאַכט.

מהי טעמא מה די ענגלישע בורזשואזיע זוכען פארבינדעטע אין דער באפעלקערונג פון פאלעסטינא. א גאנצע רייהע פון דיפּלאמאטישע טריט, אריינגערעכנט אויך דער אקט, וואס איז אונטערגעַחתמ׳עט געווארען אין סאַן רעמאָ, זיינען א פֿלינקער מאניעווער אויף צו געווינען די סימפּאטיעס פון דער אידישער באַפֿעלקערונג פונ׳ם לאנד.

לכתחילה האט די אידישע באַפעלקערונג, וואס האט איבערגעלעבט די מאוים׳דיגע טראגעדיע פֿון דזשעמאל־פּאשא, זיך באצויגען מיט א אמת׳ן צוטרוי צו דער פאלשער אונטערנעהמונג און האט מקבל פנים געווען די ענגלענדער ווי בעפרייער, וואס קומען עפענען א נייע תקופה. אבער די וויטערדיגע פּאליטיק פונ׳ם ענגלישען אימפּעריאליזם, וואס האט זיך אויסגעדריקט אין ניט־דערלאזען די אידישע ארבייטענדיגע מאסען פון אנדערע לענדער עמיגרירען קיין פאלעסטינא מחמת דער מורא, אז זיי זאלען נים פּאַרטראגען אַהין דעם באלשעוויזם, אין דער אפענער אונטערשטיצונג פון די עגאָאיסטישע שטרעבונגען פון די אידישע באזיצענדיגע קלאסען, — דאס אלץ האט אויסגעניכטערט די הארפאשנע טיילען פון דער אידישער באפעלקערונג אין פאלעסטינא, וואס טרעט איצט אריין אין א ענטשלאסענעם קאמף מיט די ענגלישע אקופּאנטען.

אנ׳ענטפער אויף דעם האט די ענגלישע דיפּלאמאטיע געגעבן דורך דעם לאנג אויסגעפּרובירטען מיטעל פאר דערשטיקען יעדע רעוואלוציאנערע באוועגונג אין לאנד. זי האט אנגעהויבען פֿונאנדערצובלאזען די נאציאָנאליסטישע געפיהלען ביי די אידישע און אראבישע מאַסען, אָנרייצען זיי איינע אויף די אנדערע און אויף זייער ברודער־קריג בויען די הערשאפט.

די בלוטיגע געשעהעגישען, וואס זיינען פארגעקומען אין פאלעסטינא באַווייזען מיט א פולער קלארקייט די פאַרברעכערישע פאָליטיק פון די ענגלישע אָקופאנטען. דער אַפריל־פּאָגראָם אין ירושלים טראגט שוין א קלאָרען פּאָליטישען כאַראַקטער און איז א רעזולטאט פון דער פראוות'דיגער אַגיטאציע פון די אראבישע עפענדים, די אגענטען פון דעם פורים־שפּילער־מלך פייזעל, וואס ארבייט לויט די דירעקטיווען פון דער ענגלישער אדמיניסטראציע און „באַארבייט" דעם שטאדטישען המון דורך ענגלישען געלד. מען דארף אונטערשטרייכען, אז נאך 40 יאהר אידישער קאלאניזאציע אונטער דער טערקישער הערשאפט איז פאלעסטינא צום ערשטען מאל געווען דער עדות פון אידישע פאגראמען און עקסצעסען.

דער ענגלישער אימפעריאליזם האט געבראכט אין לאנד אין איינעם מיט יאך און שקלאַפעריי אויך די אידעלע „בלוטען" פון דער הויכער אייראפּעאישער ציוויליזאציע. אין ירושלים האט זיך איבערגע'חזר'ט די אלטע באקאנטע מעשה פון די צארישע צייטען. בעת'ן פאגראם זיינען די גאנצע צייט געשטאַנען ענגלישע חיילות אונטער דער קאמאנדא פון אפיצירען, באשיצענדיג די פאגראמשטשיקעס, אנטוואפענדיג און ארעסטירענדיג די אידישע זעלבסטשוץ, בעת די אראַבישע פאליציי האט געהאט א חלק אין פאגראם און אין די ראבירונגען.

די בלוטיגע פאליטיק פון די ענגליש אקופאנטען געפינט א פולע אונטערשטיצונג מצד די אראבער שייכען און פריצים, וועלכע זיינען טיף דורכגעדרונגען מיט א שנאה צו די אידישע ארבייטענדיגע מאסען, ווי צו א געפעהרליכען פאר זיי עלעמענט. די דאזיגע שנאה איז נים נאר א רעזולטאט פון ענגלישען געלד, נאר זי ווערט דיקטירט פון זייערע עקאָנאמישע און פאליטישע קלאסען־אינטערעסען. די אידישע מאסען מאכען חרוב די פאטריארכאלע ארדנונג אין לאנד, זיי הויבען אויף די לוין־שקלאפען געגען זייערע מושלים און זיי ארגאַניזירען די דאָרף־אַרבייטער ארום דער פאדערונג פון דער נאציאָנאליזאציע פון דער ערד. די אַראַבער שייכען און עמירען האלטען זיך פאר די געזעצליכע יורשים פון דעם סולטאנס ערד, וואס מאכט אויס אנ'ערך 30 פראצענט פון דער גאַנצער אַקער־ערד אין סיריען און מעסאפאטאמיע; די אידישע אַרבייטענדיגע מאַסען פיהרען אַ קאַמף פאַר אָפּנעהמען די ערד לטובת דער איינגעבאָרענער און עמיגרירענדיגער אָרימקייט. די דאָזיגע אַלע שייכען און עמירען וכדומה'דיגע פאַראַזיטען זעהען אין די לאַנדווירטשאַפטליכע קאמונעס און פראדוציר־ארטעלען, געגרינדעט פון די אידישע אַרבייטער, מסוכנ'דיגע עקאָנאמישע קאָנקורענטען. די אידישע אַרבייטס־ווירטשאפטען קאָמוניזירען די אראבישע אָרימקייט און ווייזען איהר קלאר אן דעם ארויסגאנג פון איהר פאַרשקלאַפּונג. פנים אל פנים מיט צו דאזיגער סכנה ערקלערען די באַזיצענדיגע אַראַבישע קלאַסען אַ אומ'ברחמנות'דיגען קאַמף די אידישע אַרבייטענדיגע קלאסען, וועלכע געפינט אַ פולען אָפּקלאַנג און שטיצע ביי דעם אידישען פריץ, וואס וויל אויסנוצען דעם אידישען אַרבייטער. דער אידישער קאָלאָניסט עקספּלאָאַטירט די אַראַבישע אָרימע מאַסען, די בילינגע לוין־שקלאפען. די עקספּלאָאַטאציע פונ'ם אַראַבער קבצן דורך די אידישע ערד־באַזיצער גיט צו דער דאָזיגער קלאסען־אונטערדריקונג אַ נאַציאָנאַלע פאָרם און שאפט דורכדעם א גינציגען באָדען פאר דער שאָוויניסטישער פאַנאַיסלאַמישער אַגיטאַציע.

אנ׳אנדער געטרייער פארבינדעטער פונ׳ם ענגלישען אימפעריאליזם אין זיין קאָלאָניאלער פאָליטיק אין פאלעסטינא איז דער בורזשואַזער ציוניזם, וואס שטרעבט, אזוי ווי דער פאנאיסלאמיזם אויסצונוצען פאר זיינע קלאסען־אינטערעסען די באפרייאונגס־באַוועגונג פון די אידישע ארבייטענדע מאַסען. פונקט ווי די בורזשואַזיע פון יעדער אונטערדריקטער נאַציע, שטרעבט אויך די ציוניסטישע בורזשואַזיע אונטער דער מאַסקע פון נאציאנאלער אויפלעבונג ארויסצורייסען די מאנאפאליע אויף צו עקספּלאָאטירען די אידישע ארבייטענדיגע מאַסען פון די הענד פון דער פרעמדער בורזשואַזיע. דער רעאַקציאָנערער כאַראקטער פון דער ציוניסטישער פאָליטיק איז בפרט קלאר געווארען פאר די אידישע ארבייטענדיגע מאַסען אין דער לעצטער צייט, ווען ס׳האָט זיך פארשארפט דער בירגער־קריג. די ציוניסטישע בורזשואַזיע, וואס האט פארלוירען אלע איהרע קלאַסען־פריווילעגיעס אין דער ראַטען־פעדעראציע, געטראגען פון דער אימה פאר דעם נאהענטען נצחון פון דער פראָלעטארישער דיקטאַטור אין גאנץ מזרח־אייראָפּא, זייענדיג אומרוהיג פאר דעם גורל פון די אָנגעראבירטע אוצרות, שטרעבט צו שאפען אין פאַלעסטינא א „רעכטליך געזיכערטע היים“. זי באגריסט די ענגלישע אָקופּאציע פון פאלעסטינא, ווייל זי זעהט אין איהר אַ ממשות׳דיגען כח, אויף וועלכען זי וועט זיך קענען שטיצען אין קאמף מיט די אידישע ארבייטענדיגע מאַסען. די עמיגראציע פון די אידישע ארבייטער־מאַסען קיין פאַלעסטינא, וואס ברענגט מיט זיך דעם רויטען שטן פונ׳ם קאָמוניזם, איז א סכנה פאר דער ציוניסטישער בורזשואַזיע, ווי פאר דעם ענגלישען אימפעריאליזם און אראבישען פעאדאל. דערפאר העלפט זי אויף אלערליי וועגען דער אָקופּאציע־מאַכט ניט ארייגלאזען קיין עמיגראנטען. פאר א יאהרען האט איינער פון די פיהרער פון דער אלוועלטליכער ציוניסטישער אָרגאניזאציע, ד״ר ווייצמאן, ארויסגעגעבען א האלב אָפיציעלען דאקומענט וועגען דער נויטיגקייט צו באגרעניצען דעם אידישען אריינפאהר אין דעם לאנד און וועגען אונטערווארפען דעם דאזיגען ענין דעם קאנטראל פון דער בורזשואַזיע. אויף אזא אופן איז די פאָליטיק פון די ציוניסטען אין פאַלעסטינא אנ׳אָפען רעאקציאָנערע. זיי האָבען ערקלערט דאַרטען די שפראַך פון די אידישע ארבייטער־מאַסען פאר ניט בארעכטיגט, און געלד וואס איז צונויפגעקליבען געוואָרען פון אידישע הארעפאשניקעס בכל תפוצות ארץ פאר דעם אויפבוי פון פאַלעסטינא, האבען זיי פאַרווענדעט אויף סובסידירען די אידישע פריצים און פאר בויען בעקוועמע בירגערליכע קווארטאלען אין יפו און אנדערע שטעדט. זייער עקאָנאמישע פאָליטיק האט געבראכט צום שרעקליכען וואוקס פון דער אידישער ארבייטסלאָזיגקייט און ארימקייט, זיי האָבען זיך לסוף ניט געשעמט צו שאַפען אין לאנד די אידישע לעגיאָנען. די ציוניסטישע טוער שטרעבען צו פארוואנדלען פאלעסטינא אין א לאנד פון עקספּלאָאטאַציע און ריוח.

ארויסגעהענדיג פון דעם אויבענדערמאנטען, דארף מען מודה זיין, אז אין רעזולטאט פון דער וועלט־מלחמה איז פאלעסטינא פארוואנדעלט געוואָרען מיט דער הילף פון אנגלא־פראַנצויזישען אימפעריאליזם, פון דעם בונד צווישען די אראבישע עפענדיס מיט דעם אידישען קאָלאניסט און פון דער רעאַקציאָנערער פאָליטיק פון דער ציוניסטישער בורזשואזיע אין אנ׳אַרענע פון אימפעריאליסטישען נאציאָנאליסטישען, בירגערליכען און רעליגיעזען קאַמף. נאָר דער ענגער בונד צווישען די אידישע און אראבישע ארבייטענ־

דינג מאַסען קען באמת באזייטיגען די דאזיגע מניעות, באפרייען דאס לאנד לעולם פון די פינסטערע רעאַקציאָנערע כחות און שאפען א פרייען לעבען אין פאַלעסטינא.

די אידישע פראָלעטארישע מאַסען, וואס זיינען געצוואונגען אין דעם פראָצעס פון סאָציאליסטישער רעוואָלוציע איבערצובויען זייער עקאָנאמיק אויף נייע ארבייטס־יסודות און וועלכע שטרעבען צו עמיגרירען אין פאלעסטינא און צו קאָלאניזירען דאס לאנד אויף קאָמוניסטישע יסודות, גרענעצען זיך אנטשיידען אב פון דער דאָזיגער אַוואנטורע און שטיצען זיך אין זייער באוועגונג נאָר אויף דעם אייגענעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף אין פאַלעסטינא גופא, וועלכען זיי פיהרען פלייצע ביי א פלייצע מיט די אַראבישע ארבייטענדיגע מאַסען, אויף די אָביעקטיווע פאַקטאָרען פון דער וועלט־רעוואלוציע און אויף דער ברידערליכער הילף פון אינטערנאציאנאלען פראָלעטאריאַט אין דער פערזאָן פון זיין העכסטען אנפיהרענדען אָרגאַן, דעם 3. קאָמוניסטישען אינטערנאציאנאל.

קיין אנדערע וועגען זיינען ביים אידישען פראָלעטאריאט ניטא און נאָר אין דעם אונאויפהערליכען קאמף געגען דעם וועלט־קאפיטאַל און אין דער אייניגקייט מיט די ארבייטענדיגע פון דער גאנצער וועלט וועט ער זיך דערשלאגען צום פולען נצחון פון זיינע אידעען.

נידער מיט די אימפעריאליסטען און זייערע בורזשואַזע נאכלויפער!

זאָל לעבען די ברידערליכע אייניגקייט פון די אונטערדריקטע און פארקנעכטעטע.

זאל לעבען דער שטאַב פון דעם אַלוועלטליכען פראָלעטאַרישען קאמף, דער 3. אינטערנאציאָנאַל!

---

# די אידישע סאציאל־דעמ. ארבייטער־פארטיי (פועלי־ציון) אין רוסלאנד.

## I. פון די רעזאלוציעס פון 4. פארטיי־טאג.

(אפגעהאלטען 1—6 סעפטעמבער 1919 אין מאסקווע).

Nr. 15

### די נאציאנאלע אויפגאבען פון דעם אידישען פראלעטאריאט.

די אויפגאבען פון דעם פראלעטאריאַט אין דער תקופה פון דער סאציאַלער רעוואָלוציע בנוגע דער נאַציאנאלער פראגע באשטעהען אין דער צופאַסונג פון דעם פראָלעטאַרישען קאמף און דעם שעפערישער סאָציאַליסטישער ארבייט צו די באזונדערע לעבענס־תנאים פון די פאַרשיידענע פעלקער. לאזט מען ארויס די דאזיגע אינטערעסען אויס דעם אויג, קאן דאס פיהרען צו גרויסע מניעות פאַר דעם נצחון פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

נאר די פולע אומאבהענגיגקייט פון די פארשידענע אומות איז בכח אויס־צוגלייכען די נאַציאָנאלע סכסוכים און צו באַפרידיגען די באַדערפענישען פון די ארבייטענדיגע מאַסען, וואס אונטערשיידען זיך פונאנדער לויט זייער נאַציאָנאַליטעט, צו רעגולירען די עקאנאָמישע פראָצעסען פון יעטוועדער אומה ולשון בהסכם מיט די

אינטערעסען פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע און מעגליך צו מאַכען דעם קאַמף קעגען דער רעאַקציע און איטליכער נאַציע גופא. די איינציגע פאָרם פון אַזאַ מין אוט־אבהענגיגקייט פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען איז די נאַציאָנאַל־פּערזאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

נעהמענדיג אין באַטראַכט:

1) אז דער חורבן פון׳ם אידישען לעבען שטעלט בולט אַרויס פאַר דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט די אויפגאַבע אריינצוברייגנען א סדר אין די פּראָצעסען פון דער אידישער ווירקליכקייט;

2) אז אין דער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז דער אידישער פּראָלעטאַריאַט דער איינציגער שעפערישער עלעמענט פון דער אומה;

3) אז די אידישע קהלה האָט אנגעוואָרען איהר פּראָגרעסיווען כאַראַקטער און קאָן שוין מעהר ניט זיין קיין לעבעדיגע פאָרם פאַר די שעפערישע ארבייט פון די אידישע ארבייטענדיגע מאסען;

4) אז אין דער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע נאָר מעגליך אין דער פאָרם פון ארבייטער־ראַטען;

נעמט אן דער 4. אָרדענטליכער פּאַרטיי־טאָג פון דער אידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ארבייטער־פּאַרטיי (פּועלי־ציון) פאַר נויטיג זיך נאָכאַמאָל אַרויסצוזאָגען לטובת דער פּאָזיציע בנוגע דער פראַגע פון דער אידישער אויטאָנאָמיע, וועלכע די פּאַרטיי האָט אנגענומען אויף די לעצטע קאָנפערענצען אין רוסלאַנד, ווייס־רוסלאַנד, ליטא און אוקראיינע און ניט איבער דעם צ. ק. די פולמאַכט צו קעמפען פאַר די אנערקענונג פון דער אידישער ארבייטער־אויטאָנאָמיע און פאַר דער צונויפרופונג פון אַן אַלרוסיש־אידישען ארבייטער־קאָנגרעס.

נעמענדיג אין באַטראַכט, אז די אינטערעסען פון די אידישע ארבייטענדיגע מאסען פאָדערן זייער תיכף׳דיגע באַפרידיגונג, נעמט אן דער 4. אָרדענטליכער פּאַרטיי־טאָג פון דער א. ס. ד. א. פּ. (פּועלי־ציון) פאַר נויטיג צוצוציהען די אידישע ארבייטענדיגע מאַסען צו זעלבשטענדיגער ארבייט דורך באַשאַפונג פון באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס, וואס זאָלען זיין ביכולת ווי ניט איז צו באַפרידיגען די באַדערפנישען פון די אידישע מאַסען (קולטור־ליגע, געזעלשאַפט פאַר דער רעגולירונג פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע און עמיגראַציע, פּאַלעסטינא אַרבייטער־קאָמיטעטען וכדומה) און אויך צו אנ׳אקטיווען אנטייל אין די נאַציאָנאַלע סעקציעס ביי דעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג.

## Nr. 16

## פּאַלעסטינא־ארבייט.

די וועלט־מלחמה און די וועלט־רעוואָלוציע האָבען פאַרגיכערט די אינערליכע פּראָצעסען פון׳ם אידישען לעבען, וועלכע פיהרען צו דער פאַרווירקליכונג פון׳ם פּאַלעסטיניזם, און האָבען באַזונדערס בולט אַנטפּלעקט דעם אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער פון דער אידישער פראַגע.

דער 4. פּאַרטיי־טאָג, וועלכער האַלט אַזוי ווי פריהער, אז נאָר די באַשאַפונג פון א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אין פּאַלעסטינא איז ביכולת צו פאַרענטפערן די

אידישע פראַגע, ווייזט אן אויך דערויף, אז דער פּאַלעסטיניזם איז אריינגעטראָטען אין דער תקופה פון זיין גיכער פּאָרווירקליכונג. די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וועלכע האָט דערפיהרט דעם קלאַסען־קאַמף ביז צו דער העכסטער מדרגה פון א קאַמף פאר דער פּאָליטישער מאַכט פונ'ם פּראָלעטאַריאַט און פון דעם איבעראַנדערשען פון דער ווירט־שאַפט אויף קאָלעקטיוויסטישע יסודות, שטעלט דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט בנוגע דער רעאַליזאַציע פון דעם פּאַלעסטיניזם די אויפגאַבען:

א) צו פיהרען אַנ'עקשנות'דיגען קאַמף געגען דער אנטאַנט, וועלכע בלאָקירט רוס־לאַנד, כדי צו דערשטיקען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וועלכע האָלט אויף דורכדעם אליין די ברייטע כוואַליע פון דער אידישער עמיגראַציע און וועלכע באַזעצט פּאַלעסטינאַ, כדי צו מאַכען פון איהר אַנ'אימפּעריאַליסטישע קאָלאָניע;

ב) צו אָרגאַניזירען די פּאַלעסטינישע ווירטשאַפט אויף קאָלעקטיוויסטישע יסודות. כדי צו פאָרווירקליכען די דאָזיגע צילען מוז דער אַלוועלטליכער פאַרבאַנד פון די פועלי־ציון רעוואָלוציאָניזירען די ארבייטער־באַוועגונג אין פּאַלעסטינא און נעמען אין זיינע הענד די הנהגה פון דער עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינא. זיין אָרגאַניזאַציע־ארבייט דאַרף ער שטיצען אויף אַט וועלכע פּרינציפּען:

1) נאַציאָנאַליזירען די ערד אין פּאַלעסטינא און אָרגאַניזירען די לאַנדווירטשאַפט אויף קאָלעקטיוויסטישע יסודות אין דער פאָרם פון א ריינער ווירטשאַפטליכער קאָ־אָפּעראַציע;

2) בנוגע דער מעליאָראַציע־ארבייט אין אַנדערע צוגרייטונגס־ארבייטען — א וואָס פולערע רעאַליזאַציע פון דעם פּרינציפּ פון קבוצות, וועלכע ווערען אָרגאַניזירט און גע־פירט פון די געווערקשאַפטליכע פאַראייניגונגען.

דער פּאַרטיי־טאָג אַפּעלירט צום אידישען פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל ענערגיש אונטערשטיצען דעם קאַמף־פאָנד (פּ. א. פּ.), וואָס דאַרף סובווענציאָנירען די פּראָלעטאַרישע אינסטיטוציעס פון פּאַלעסטינא.

אין דער אייגענער צייט באַשטימט דער פּאַרטיי־טאָג צו גרינדען א אידישען אַרבייטער־באַנק אויף צו פינאַנצירען די ארבייטער־אונטערנעהמונגען אין פּאַלעסטינא, דהיינו די לאַנדווירטשאַפטליכע קאָמונעס, די ארבייטער־קבוצות א. א. וו. ווי אויך די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע באַדינען די אידישע ארבייטער, וואָס וואַנדערן אויס קיין פּאַלעסטינא.

דער פּאַרטיי־טאָג באַאויפטראַגט דעם צ. ק. און דעם צענטראַלען פּאַלעסטינא־קאָמיטעט אויסצואַרבייטען א סטאַטוט פאַר דעם אידישען ארבייטער־באַנק און צו־צוטרעטען צו זיין אָרגאַניזירונג.

דער פּאַרטיי־ראַט גיט איבער דעם צ. ק. די פולמאַכט אָוועקצושטעלען די פּאַלעסטינא־פראַגע פאַר'ן 3. אינטערנאַציאָנאַל מיט'ן צוועק זיך ביי איהם צו דער־שלאָגען צו דער אנערקענונג פונ'ם פּאַלעסטיניזם פאַר דער פאַרענטפערונג פון דער אידישער פראַגע און צו באַקומען זיין מיטהילף אין דער פאַרענטפערונג פון די עמיגראַציע־ און קאָלאָניזאַציע־פּראָבלעמען פונ'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט.

Nr. 17

## די באַציהונג צו אנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

1) אין דער תקופה פון סאָציאַלע איבערקערענישן ווערן צווישן די אידישע מאַסן פארשטארקט די אסימילאַטאָרישע טענדענצן.

2) די אָקטאבער־רעוואלוציע האט צושטערט די עקאָנאָמישע יסודות פון דעם אידישן פראָלעטאַריאַט, וואס איז ביז אהער געווען פארטיטן אין קליינע און אבגעשטאנענע צווייגן פון דער ווירטשאַפט. דאס האט אַרויסגערופן אַ פערצווייפעלטן קאַמף פאַר'ן לעבן און באשאפן גינציגע אידעאָלאָגישע תנאים פאר אלע באַגעהרען צו אסימילירען און זיך צוצופאסען.

3) וואס מעהר עס קלייבן זיך אן ביים אידישן פראָלעטאַריאַט פּאָטענציעלע כחות און וואס מעהר ער נעהמט אריבער צו פראָדוקטיווע און געזונטע פאָרמען פון דער ווירטשאַפט, אלץ מעהר פאַרשווינדען די לעצטע רעשטלאך פון אסימילאַטאָרישע אילוזיעס, און אלץ מעהר וואקסען זיך פונאַנדער די פּאָזיטיווע נאציאנאלע פאַקטאָרען פון דעם אידישן פראָלעטארישן שאַפען.

4) די י. ס. ד. א. פ. (פ"צ), וואס גיט זיך אב אַ דין־וחשבון ניט נאר פון דעם געגעבענעם מצב פון דעם אידישן לעבן, נאר אויך פון די אינעווייניגסטע באוועגענדע כחות פון דעם דאזיגן לעבן, האט זיך געשטעלט דעם ציל צו העלפען צו שטופען די אינעווייניגסטע כחות פונ'ם אידישן פראָלעטאַריאַט און זייער פּראָצעס פון וואַקסען. דורכדעם ווערט אויך באשטימט איהר טאַקטיק בנוגע די אנדערע אידישע סאָציאליסטישע פאַרטייען.

5) דער „בונד", וועלכער האט אין משך פון די לעצטע צעהן יאהר דורכגעמאַכט אַ פּאָזיטיווע אנטוויקלונג אין דער אידישער פראגע, האט זינט דער אָקטאבער־רעוואלוציע אנגעהויבען אבצוגעבען צוריק איין פּאָזיציע נאך דער אנדערער און איצט האַלט ער דערביי זיך אינגאנצען אבצוזאגן פון דער נאציאָנאל־קולטורעלער אויטאנאָמיע. די „פאראייניגטע" (י. ס. און ס.־ס.) האבען אינ'ם פּראָצעס פון דער סאָציאלער רעוואלוציע אינגאנצען אנגעוואָרען זייער פּרצוף, האבען פארלוירען זייער נאציאנאלען תוך און נאַציאנאלען פּראָגראַם. דער „קאָמוניסטישער פארבאנד", וואס איז אנטשטאַנען אין אוקראינא, איז איצט לויט'ן פארלאנג פון דער רוסישער קאָמוניסטישער פארטיי ליקווידירט און פערוואנדעלט אין אידישער סעקציע ביי דער רוסישער קאָמוניסטישער פארטיי, איז א רעזולטאַט פון דעם אסימילאציע־פּראָצעס, וואס איז נאך ניט אויסגעשטאָרבען אויף דער אידישער ארבייטער־גאַס.

6) דער 4. פארטייטאָג פון דער י. ס. ד. א. פ. (פ"צ) האַלט, אז א פּארטיי וואס שטעהט אויף דער וואַך פון דער נאציאָנאלער און סאציאלער באפרייאונג פון די אידישע הארעפאשנע מאַסן, מוז:

א) אין אלע אלגעמיינע פּאָליטישע פראגען געהן אינ'איינעם מיט יענע גרופּען פון די אידישע סאָציאליסטישע פּארטייען, וועלכע שטעהען אויפ'ן באָדען פון דער דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט און פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

ב) אין דער נאציאָנאַלער פראַגע קעמפען מיט אלע מיטלען דערפאר, אז די אלע דאָזיגע פּארטייען זאלען בולט ארויסווייזען זייער נאציאנאלען כחות, און זאלען זיך

זעלבשטענדיגע איינשטעלען פאר די נאציאָנאלע אינטערעסען פון דעם אידישען פראָלע־טאַריאַט.

ג) אויף אַזוי וויס, ווי די אנגערופענע גרופען אין פאַרטייען פיהרען אַ באשטימטע ארבייט אין די נאציאנאלע סעקציעס פונ׳ם פאָלקס־קאָמיסאריאַט פאר בילדונג, אין די אידישע ארבייטער־ראַטען, און אנדערע געביטען פון דער אידישער ארבייטער־פּאָליטיק טרעט אַריין די פאַרטיי מיט זיי אין טעכנישע און געשעפטליכע אבמאַכען.

---

## II. די רעזאלוציעס פונ׳ם 5. פארטיי־טאג.

(אבגעהאלטען אין מיטען סעפטעמבער 1920 אין מאסקווע).

### Nr. 18

### די אינטערנאציאנאלע לאגע און דער 3. אינטערנאציאנאל.

1) נעמענדיג אין אכט, אז דער אידישער פראָלעטאריאט האט א אייגענארטיגע עקאָנאָמישע סטרוקטור און קולטור, אז ער איז פאקטיש פאראייניגט אין וועלט־מאסשטאב דורך זיין צוזאמענבונד מיט דעם אנטשטייענדעם אידישען ארבייטער־צענטער אין פאלעסטינא, האלט דער 5. פארטיי־טאג פאר נויטווענדיג, אז אין אינטערנאציאָנאל זאָל באשאפען ווערען אַ באזונדערע אידישע סעקציע. דורך איהר דארפען זיין פאָרגעשטעלט די אידישע ארבייטער־פארטייען און ספעציעל די פאליטישע אָרגאַניזאציעס, וועלכע שטעלען זיך אינטער׳מלוכה׳שע צילען און טראָגען אנ׳אלוועלטליכען כאראקטער.

2) גלייכצייטיג דריקט אויס דער פארטיי־טאג זיין צופרידענהייט מיט דער אנערקענונג פון דער פאלעסטינער סעקציע מצד דעם 3. אינטערנאציאָנאל און מיט דעם איבערגעבען איהר פאָרשטייערשאפט די פועלי־ציון.

3) נעמענדיג אין אכט די שטעלונג און די רעזאָלוציעס פון דער וויענער קאָנפערענץ פון וועלט־פארבאנד, פאָדערט דער 5. פארטיי־טאג דאס איבערגעבען דעם פאלעסטינער מאנדאט אין דער דיספּאָזיציע פון וועלט־פארבאנד.

4) דער פארטיי־טאג דריקט אויס דעם וואונש, אז דער אָרגאניזאציאָנעלער סטאטוט פון 3. אינטערנאציאָנאל זאָל רעווידירט און אויסגעברייטערט ווערען אינ׳ם זין פון דער אנערקענונג פון דער שטרענגסטער דיסציפלין ביי דער אָרגאניזירונג פון אלע קאָמפּס־ארויסטרעטונגען אין אינטער׳מלוכה׳שען מאַסשטאב, אָנצייכנונג פון די גרונד־פרינציפען פון דער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט און ברייטער אויטאָנאָמיע פון באזונדערע פארטייען, וואס געהען אריין אין אינטערנאציאָנאל ביי דער לעזונג פון אלע פראגען פון דער אָרטיגער פּאָליטיק.

5) אנטשפרעכענד דעם, ערקלערט דער פארטיי־טאג, אז די פארטיי פועלי ציון ווארפט זיך אונטער אלע באשלוסען פונ׳ם 3. אינטערנאציאָנאל אין די פראגען פון די אינטער׳מלוכה׳שע רעוואָלוציאָנערע ארויסטרעטונגען און פאָדערט פאר זיך אויטאנאמיע אין די פראגען פון דער אידישער נאציאָנאלער פּאָליטיק.

## Nr. 19

# וועגען דער פּאַלעסטינא־פראגע.

1) די אנטוויקלונג פון דער סאציאלער רעוואָלוציע האט פארשארפט און פאר־שנעלערט דעם טעמפּ פון דער אנטוויקלונג פון אלע סאָציאלע קאָנפליקטען. אין צו־זאמענהאנג דערמיט האָבען זיך פארשטארקט די עמיגראציע־שטרעבונגען פון אידישען פראָלעטאריאט. דער וכוח איבער דער מעגליכקייט פון עמיגראציע אין דער איצטיגער היסטאָרישער עפּאָכע איז געלעזט פאקטיש מיט דער נייער עמיגראציע קיין פּאַלעסטינאַ, אמעריקא און אנדערע לענדער. די זעהר באדייטענדע אידישע עמיגראציע קיין פּאלעסטינא, וואס האט זיך אנגעהויבען די לעצטע חדשים, פון איין זייט, און די באשלוסען פון סאַן רעמאָ, וואס שטרעבען מיט דער הילף פון דער ציוניסטישער בירגערליכער אָרגאניזאציע צו פארשקלאַפען די באפעלקערונג פון ארץ ישראל צום אַלוועלטליכען קאפּיטאל און פארוואנדלען דאס לאנד אין א אָביעקט פון עקספּלואַטאציע, פון דער אנדערער זייט, דאס אלץ מאכט די פּאלעסטינער קאָלאָניזאציע־פּראָבלעם פאר דער נאָהענטער און אקטועלסטער פּראָבלעם פון אידישען לעבען, און גלייכצייטיג פאר א פּראָבלעם פון דער וועלט־פּאָליטיק, מאכט איהר פאר א פּאָזיציע, אויף וועלכער עס שפּילט זיך אָב איינער פון די קאמפס־עפּיזאָדען פון וועלט־קאפּיטאל.

2) עס באשאפען זיך אין פּאַלעסטינאַ פּאָלגענדע קלאסען־פארהעלטנישען, פּאָלגענדע כוחות שטויסען זיך דאָרט צוזאמען.

א) די בורזשואַזיע פון ענגלאנד און פראנקרייך, וואס שטרעבט צו פארוואנדלען פּאַלעסטינא און סיריען אין א איינענע קאָלאָניע, מיט דעם אליין פארשטארקענדיג איהר מאכט אין די קאָלאָניאל־לענדער בכלל און איהר פּאָזיציע אין קאמף געגען קאָציאליזם. זי שטרעבט נאָר צו פארפּעסטיגען אין לאנד איהר פּאָליטישע הערשאפט און אויס־שעפּען פון דאָרט די גאנצע עקאנאמישע רייכטימער, אבער זי וויל ניט און קען ניט נעמען אויף זיך די עקאנאמישע אויפלעבונג און אנטוויקלונג פון לאנד. איהר ראָל איז א ריין רעאַקציאָנערע.

ב) די אָרטיגע נוטבאזיצער, וואס שטרעבען איינצוהאלטען דעם מאָנאָפּאָל אויפ'ן פּאלעסטינער באָדען און די פארשקלאַפונג פון פּאלעסטינער פויערטום (פעלאכען) און ארבייטער. דערפאר זיינען זיי אנטשלאָסענע געגנער פון דער אימיגראציע פון קאַפּיטאַל אין לאנד, וואס צושטערט די אלטע פּאַטריאַרכאַלע באציהונגען און הויבט די באדערפ־נישען פון די אָרטיגע ארבייטער. נאָך גרעסערע שונאים זיינען זיי פון דער אימיגראציע פון אידישע ארבייטער, וואס אָרגאניזירען די אפּגעשטאנענע פּראָלעטאריער פון פּאלעסטינא. בכדי געגען צו ווירקען דער אימיגראציע אָרגאניזירען די פּאַלעסטינער נוטבאַזיצער די אַראַביש־סירישע נאציאליסטישע באוועגונג. אונטער'ן פאָהן פון קאמף מיט די אָקופּאנטען און מיט דער ציוניסטישער קאָלאָניזאציע, קעמפען זיי געגען יעדען פּראָגרעס פון לאנד און בלאָזען פונאנדער די נאציאָנאלע שנאה און אנטיסעמיטיזם.

ג) די אידישע בורזשואזיע, וואס שטרעבט צוזאמען מיט דער בורזשואזיע פון די אנטאנט־לענדער און אונטער איהר שוץ צו אָרגאניזירען די עקספּלואטירונג פון פּא־לעסטינער רייכטימער און באפעלקערונג. זי איז א רעאקציאנערער כח, אבער זי פיהרט אויס אויך א געוויסע פּראָגרעסיווע ראָל, אויף וויפיל זי שטרעבט ניט נאר פּאליטיש

באהערשען דאס לאנד, נאר אויך אין איהם זיך באזעצען, אריינלעגען דארט איהרע קאפיטאלען און אזוי אַרום מיטווירקען דעם עקאנאמישען פראָגרעס פון לאנד.

ד) די ברייטע מאסען פון דער אָרטיגער ארבייטענדער באפעלקערונג, וואס זיינען פולשטענדיג נים אנטוויקעלט הן קולטורעל, הן פאליטיש און עקאנאמיש, זיינען שטארק אָפּגעשטאנען. זיי דינען אלס א בלינד געוועהר אין די הענד פון פארשיידענע עקספּלואַטאטאָרישע גרופען פון דער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע פון די אייראפעאישע לענדער, פון די אראבישע און סירישע גוטבאזיצער און אנדערע. נאר דאן, ווען אין לאנד וועלען זיין געאייניגטע צאָלרייכע רעוואלוציאנערע עלעמענטען פון דער באפעלקערונג, וועלען זיי אָרגאניזירען די מאסען און וועלען פאַרוואַנדלען דעם בלינדען שטיצפונקט פון דער רעאקציע און א קאמפּס־גרופּע פון דער סאציאלער רעוואלוציע.

ה) דער אידישער פראלעטאריאט, וואס עמיגרירט קיין פאלעסטינא איז דער איינציגער כח, וואס ברענגט דארט אריין די עלעמענטען פון רעוואלוציאנערען קאמף פון סאציאליזם, פון טעכנישען, עקאנאמישען און קולטורעלען פראָגרעס. ער ווערט דער אוואנגארד פון דער סאציאלער רעוואלוציע אויף דעם נאָנטען מזרח, אלס געגענווירקונג צו די אימפעריאליסטישע תשוקות פון דער בורזשואזיע, און די רעאקציאנערע, סעאָדאלע שטרעבונגען פון דער נאציאנאליסטיש־גוטבאזיצערישער באוועגונג אין סיריען.

3) ארויסגעהענדיג פון דער געגעבענער אָפּשאצונג פון די קלאסען־כחות פון דעם געזעלשאפטליכען פראָגרעס אין פאלעסטינא, באשליסט דער 5. פארטייטאג אָנצונעמען דורך די פארטייאישע אָרגאניזאציעס די נויטיגע שריט צו פארברייטערן די ארבייטער־פאלעסטינער עמיגראציע און צו פארפעסטיגען זי מיט באוואוסטזיניגע איבערגעבענע עלעמענטען. די טעכנישע דורכפירונג פון דער דאזיגער ארבייט ווערט איבערגעגעבען דעם צ. ק.

4) אנערקענענדיג די אָבליגאטאָרישקייט און דיסציפלין פון וועלט־פארבאנד, באשליסט דער 5. פארטיי־טאָג אָנצונעמען אלע פארשלאגען, וואס זיינען פאראן אין דער פראקטישער טייל פון דער פאלעסטינער רעזאלוציע פון דער ווינער וועלט־קאנפערענץ און איבערגעבען זיי צום אויספירען דעם צ. ק.

5) תיכף דורכפירען א מאָביליזאציע פון 10 פראָצענט חברים, וואס זאלען אָפּפאָרען קיין פאלעסטינא.

## Nr. 20

## דער דין וחשבון פון דער דעלעגאציע וועגען דער 5. וועלט־קאנפערענץ.

1. אויסהערענדיג דעם באריכט פון דער דעלעגאציע פון דער פארטיי אויף דער פינפטער אלוועלטליכער קאנפערענץ פון די פועלי־ציון אין וויען, געפינט דער 5. פארטייטאָג פון דער י. ס. ד. א. פ. (פועלי־ציון), אז דער וועלט־פארבאנד איז דער טרעגער פון טראדיציאָנעלען רוסלענדישען פועלי־ציוניזם, אז ער האט אָנגענומען אונזער שטעלונג אין דער פראגע וועגען דעם 3. אינטערנאציאנאל, אז ער האט זיך געשטעלט אויף אונזער שטאנדפונקט וועגען דער פאלעֶסטינא־אַרבֵּיט, און הייסט גוט די שטעלונג פון דער דעלעגאציע אויף דער וועלט־קאנפערענץ.

2. דער 5. פארטיי־טאָג געפינט, אז דאס פארבאנדס־ביוראָ דארף ארבייטען

אין פולען קאָנטאַקט מיט דער „אחדות העבודה", אלס מיט דער אָרגאַניזאציע, וואס פאראייניגט דעם גאנצען רעוואלוציאָנערען פראלעטאריאט פון פאלעסטינא, אומאָפּהענגיג פון איהר באציהונג צום וועלט־פארבאנד, און שטרעבענדיג צו רעוואלוציאָניזירען „אחדות העבודה" פון אינווייניג.

3. נעמענדיג אין אכט דעם באשלוס פון דער פינפטער וועלט־קאנפערענץ וועגען דער נויטווענדיגקייט פון א פאראייניגונג צווישען אונזער פארטיי און דער איד. קאמונ. פארטיי (פ"צ) ביי דער באדינגונג, אז די איד. קאמונ. פארטיי (פ"צ) וועט אנערקענען דעם וועלט־פארבאנד און די אָבליגאטאָרישקייט פון זיינע רעזאלוציעס פאר זיך, ערקלערט דער פינפטער פארטיי־טאָג די גרייטקייט פון דער פארטיי צו פאראייניגען זיך מיט דער איד. קאמונ. פארטיי (פ"צ) אויף פאלגענדע יסודות: א) די אנערקענונג דורך דער איד. קאמונ. פארטיי (פ"צ) דעם לינקען וועלט־פארבאנד, ב) די אנערקענונג דורך איהר פון אנ'אקטיווער פאלעסטינא־ארבייט, פון אָבליגאטארישקייט פון די באשלוסען און רעזאלוציעס פון דער וועלט־קאנפערענץ, ג) דעם אָננעמען פאר דער פאראייניגטער פארטיי דעם נאָמען פון וועלט־פארבאנד: „אלוועלטליכער אידישער סאציאליסטישער ארבייטער־פארבאנד פועלי־ציון, רוסלענדישע סעקציע", ד) דעם באשלוס וועגען פאראייניגונג ווערט איבערגעגעבען צום אויספירען דעם צ. ק.

---

# די ווידערפאראייניגונג פון דער פ'צ־באוועגונג.

## Nr. 21

## רעזאלוציע פון דער פ"צ־קאנפערענץ אין דייטשלאנד.

(אבגעהאלטען אין בערלין 6. און 7. נאָוועמבער 1920)

די קאָנפערענץ פון דער אידישער סאָציאל־דעמאָקראטישער ארבייטער־אָרגאניזאציע אין דייטשלאנד קאָנסטאטירט:

1) די פרינציפיעלע חלוקי־דעות צווישען ענטשיידענדע טיילען פון דער פועלי־ציון־באוועגונג איבער די וועגען צו דער פארווירקליכונג פון סאָציאליזם און צו דער טעריטאָריאלער פארענטפערונג פון דער אידישער פראַגע זיינען נים אזוי טיף, אז זיי זאָלען בארעכטיגען די שפאלטונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אויף אונזער V. וועלט־קאָנפערענץ.

2) דער 3. אינטערנאַציאָנאל איז לויט די תקנות פון זיין צווייטען קאָנגרעס א אַלוועלטליכע קאָמוניסטישע פארטיי מיט א עקסקלוזיווען כאראקטער. ביי די היינטיגע אומשטענדען וואָלט דאס אנשליסען זיך פון דער פועלי־ציון־באוועגונג אן דעם 3. אינטערנאציאָנאל, בעטייט אידעאָלאגיש און אָרגאניזאטאָריש די פולשטענדיגע ליקווידאציע פון דעם פועלי־ציוניזם. דורך די החלטות פון דעם מאָסקווער קאָנגרעס, וועלכער איז פארגעקומען אין איין צייט מיט אונזער וועלט־קאָנפערענץ, איז אראבגעפאלען דער קארדינאלער פונקט, וואס האט גורם געווען די שפאַלטונג.

3) די דעלעגאַטען צו דער וועלט־קאָנפערענץ־זיינען דערמיט, וואס זיי האָבען דורכגעפיהרט די שפאַלטונג אויף זייער אחריות און געשטעלט די באַוועגונג פאר א פארטיגען פאַקט, אריבערגעגאנגען די גרעניצען פון זייער מאַנדאט־קאָמפעטענץ.

מחמת די דאָזיגע אויסגערעכנטע טעמים ווארפט אב די קאָנפערענץ די פּאָרגע־קומענע שפּאַלטונג און באַשליסט צו שטעהן אין חבר'שע פאַ־בינדונגען מיט'ן מזרח־און מערב־פאַרבאנד פון „פועלי־ציון", אזוי ווי מיט אלע לאנד־פּאַרט־ייען מיט'ן צוועק צו ברענגען צו א ווידערפאראייניגונג פון דער פועלי־ציון־באוועגונג. אהן איהר איז דער פועלי־ציוניזם פאראורטיילט צו גיט פרוכטבאַרקייט און דעגענעראציע. די קאָנפערענץ לעגט ארויף אויפ'ן צ. ק. דעם חוב אנצונעמען אלע נויטיגע שריט פאר דעם דאָזיגען צוועק.

בנוגע דער עקאָנאמישער אַרבייט פון אידישען פּראָלעטאריאט אין ארץ־ישראל שטעהט די פועלי־ציון־אָרגאַניזאציע פון דייטשלאנד אין פאַרבינדונג מיט „מ'שרד העבודה".

---

# אלגעמיין־אידישער ארבייטער־בונד.

## Nr. 22

## I. דער בונד אין פוילען בנוגע דעם 3. אינטערנאציאנאל.

(ערקלערונג פון צ. ק.)

דאס צ. ק. קאָנסטאטירט, אז ביז היינט איז נאך ניטא פון דריטען אינטערנא־ציאָנאל קיין ענטפער אויף דער ווענדונג פון אונזער פארטיי — לויט'ן באַשלוס פון ערשטען פאַראייניגונגס־צוזאמענפאהר — וועגען אנשליסען זיך אן דריטען אינטער־נאציאָנאל.

באַטראַכטענדיג די 21 איינטריטס־באַדינגונגען און סטאַטוט, וואס זיינען אנגע־נומען געווארען אויפן 2. קאָנגרעס פון דריטען אינטערנאציאנאל, אַזוי ווי זיי זיינען פאַרעפענטליכט געווארען אין דער אויסלענדישער פּרעסע, שטעלט דער צ. ק. פעסט:

1) אז דיביידע דאָקומענטען זיינען דורכגעדרונגען מיט איין געדאנק, — אז צום דריטען אינטערנאציאָנאל קענען געהערען נאָר אויסגעשפּראָכענע קאמוניסטישע פּארטייען און אָרגאניזאציעס, בעת דער פאראייניגונגס־צוזאמענפאָהר פון „בונד" אין פוילען (אפּריל 1920) האט זיך געשטעלט אויף דעם שטאנדפּונקט, אז דער אינטער־נאציאָנאל דאַרף פאראייניגען אלע רעוואלוציאָנער־סאציאליסטישע פארטייען, וועלכע אנערקענען די פּרינציפּיעלע פּלאטפאָרם פון דריטען אינטערנאציאנאל.

2) אז די איינטריטס־באדינגונגען האבען דעם ציל אפּצורייניגען די לינקע סאָציא־ליסטישע פּארטייען אין אלע לענדער פון זייערע ניט־קאמוניסטישע עלעמענטען. די דאָזיגע שפּאַלטונגס־פּאָליטיק איז שעדליך פאר די אינטערעסען פון דער ארבייטער־באוועגונג.

3) אז דער צענטראַליסטישער פּרינציפּ, אויף וועלכען עס זיינען געבויט דער סטאַטוט און די איינטריטס־באדינגונגען פון דריטען אינטערנאציאנאל, ענטשפּרעכט א רעאַלער באדערפעניש אין דער ארבייטער־באוועגונג אין דער איצטיגער עפּאָכע, אבער דער דאָזיגער פּרינציפּ איז דורכגעפיהרט דורכ'ן דריטען אינטערנאציאנאל אויף אַ ניט־ריכטיגען אופן. נאָר אַ צענטראַליזם, וואס איז געבויט אויף דעמאָקראַטישע יסודות — סיי אין גאַנצען אינטערנאציאנאל, סיי אין זיינע באזונדערע באשטאנד־טיילען — איז מסוגל צו פארשטארקען די קאמפּס־פעהיגקייט פון דער ארבייטער־באוועגונג. דער צענטראַליזם פון די איינטריטס־באדינגונגען ענטשפּרעכט ניט דער דאָזיגער באדינגונג

פון אונגערלענדישן רעפאָרמיזם, ווייל ער שאַפט די מעגלעכקייט פאַר די אַנפירנדע אָרגאַנען צו איגנאָרירן דעם ווילן פון דער מערהייט אָרגאַניזירטע מיטגלידער.

4) די אינטערעס־באַדינגונגען שאַפן אַ יעדווידע מינונגס־פרייהייט אין דער פאַרטיי און טראָגן אַריין אין די רייען פון די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס אַ צוטיילונג אויף פולבאַרעכטיגטע מיטגלידער און מיטגלידער פון דער צווייטער קאַטעגאָריע, וואָס ווערן נאָר געדולדעט אין דער פאַרטיי, אָבער וועלכע מען טאָר נישט, לויט די כסדר פונקטן, פאַרטרויען קיין שום פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבייט, ניט צוליב זייער אומפעיקייט, נאָר צוליב זייערע ניט געוויסע קאָמוניסטישע אָנשויאונגען.

צוליב די איבערגעבראַכטע מאָטיוון, און שטעהענדיג אויפ׳ן גרונד פון באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויפ׳ן פאַראייניגונגס־צוזאַמענפאָהר, האַלט דער צ. ק. פונ׳ם „בונד" און פילען די אינטערעס־באַדינגונגען פ א ר נ י ט א נ נ ע מ ב אַ ר. איבערלאָזענדיג דעם ענדגילטיגן באַשלוס איבער דער פראַגע דעם נאָהענטסטן פאַרטיי־צוזאַמענפאָהר, באַשטימט דער צ. ק. מיטצוטיילן אונזער באַציהונג וועגן די אינטערעס־באַדינגונגען דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און פאַרטצוזעצן אויפ׳ן באָדען פון אונזער שטעלונג, די אונטערהאַנדלונגען מיט איהם וועגן אַנשליסן אונזער פאַרטיי אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

(אונזער שטימע, נומ. 4, אנהויב דעצעמבער 1920)

---

## II. דער קאָמוניסטישער בונד אין רוסלאַנד.

### החלטות פון דער 12. קאָנפערענץ (שפּאַלטונגס־קאָנפערענץ).

### (מאָסקווע 12—19 אַפּריל 1920).

דעם 12—19 אַפּריל איז אין מאָסקווע, אין 2. הויז פון די ראַטען פאַרזאַמלט די 12. קאָנפערענץ פון „בונד". צוזאַמען זיינען געווען 41 דעלעגאַטען מיט באַשטימונגס־רעכט און 21 מיט באַראַטונגס־רעכט.

אין פּרעזידיום זיינען אַריין: ווײַנשטיין, אסתר, י. לעווין, ספּעקטאָר און קראַסינסקי פון לינקן פליגעל, יודין און אַבראַמאָוויטש פון רעכטן.

נאָכדעם, ווי ס׳איז אָנגענומען געוואָרן די פּאָליטישע רעזאָלוציע פון דער מערהייט, האָבען די רעכטע ערקלערט, אַז זיי פערלאָזען די קאָנפערענץ און גייען אַרויס פון דער פאַרטיי. אַוועק זיינען 12 דעלעגאַטען.

## Nr. 23

### וועגן לויפענדען מאָמענט און אויפגאַבען פון אונזער פאַרטיי (אויסצוג).

14. אונטערפירענדיג אַ סך הכל צו דער ערפאַהרונג פון לעצטען יאָהר, קאָנסטאַטירט די 12. קאָנפערענץ פון „בונד".

א) אַז פון דער 12. קאָנפערענץ האָט זיך דער „בונד" פּרינציפּיעל געשטעלט אויף דער פּלאַטפאָרם פון קאָמוניזם.

ב) אַז דאָס פּראָגראַם פון דער רוסלענדער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע איז אין דער זעלבער צייט דאָס פּראָגראַם פון דער מאַכט, אַנטשפּרעכט דער פּרינציפּיעלער פּאָזיציע פון „בונד".

ג) אז דער איינהייטליכער „סאָציאַליסטישער פראָנט" מיט פרינציפיעלע נעגנער פון דער ראטען־מאַכט, וועלכע שטעלען אנטקעגען דעם פראָלעטאַריאַט צו זיין מאכט — איז אוממעגליך.

ד) אז ס'איז געקומען דער מאָמענט, ווען דער „בונד" קאן זיך אבזאָגען פון זיין אָפיציעל אָפאָזיציאָנעלע שטעלונג און נעמען אויף זיך די פאַראנטוואָרטליכקייט פאַר דער פאָליטיק פון דער ראַטען־מאַכט.

15. דאס שליסט בשום אופן ניט אויס די מעגליכקייט און די פליכט פון אידישען פראָלעטאריאט, אריינצוטראָגען אין דער ארבייט פון סאציאליסטישער בויאונג יענע באַזונדערע שאַטירונג, וואס איז א רעזולטאט פון דעם באַזונדערען אַנטוויקלונגס־גאַנג פון אידישען פראָלעטאריאט, פון זיין באזונדערער לעבענס־ערפאהרונג, פון זיין אלטער געוואוינהייט צו גרויסער זעלבסט־טעטיגקייט: צו שטיצען יענע שטרעבונגען אין קאמוניסטישען לאגער, וועלכע זיינען איהם נאהענטער — די שטרעבונג וואס ווייטער אלץ מעהר צו פארברייטערען די זעלבסט־טעטיגקייט פון די מאסען, וועלכע איז ענג פארבונדען מיט דער פרייהייט ארויסצוזאגען יעדע מיינונגען פאר אלע טיילען פון פראָלעטאַריאַט, וואָס פיהרען דעם אַקטיווען קאמף פאר דער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע און פאַר דער דיקטאַטור פון פראָלעטאריאט.

16. פאר'ן „בונד", פאַר דער רעוואָלוציאנער מאַרקסיסטישער ארגאַניזאַציע פון אידישען פראלעטאַריאַט, ליגט די גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע דורכצופיהרען די דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאט אין דער סביבה, וואו ער איז געבוירען און אויסגעוואקסען געווארען און וואו ער האט צוערשט אנגעצונדען דאס ליכט פון וויסענשאפטליכען סאציאַליזם און אויפגעהויבען דעם שווערד פון קלאַסען־קאמף. די 12. קאָנפערענץ דריקט אויס איהר איבערציינונג, אז אַרום דעם „בונד" וועלען זיך קאנצענטרירען און צוזאַמענשמידען אַלע רעוואָלוציאָנערע טיילען פון אידישען פראלעטאריאט, וואס זיינען דורכגעדרונגען מיט'ן פעסטען ווילען צו פאַרווירקליכען זייער אַנטייל אין דער גרויסער היסטאָרישער אַרבייט פון גאנצען אַלרוסלענדער פראָלעטאַריאַט, ווי א פעסט געשלאָסענע אָרגאניזירטע קראפט אונטער דער פאהן פון קאָמוניזם.

*

אין דער רעזאָלוציע „וועגען דער אָרגאניזאציאָנס־פראגע" ווערט געזאָגט פאָלגענדעס :

## Nr. 24

די 12. קאָנפערענץ פון „בונד" ערקלערט, אַז דער „בונד" געהט ארויס פון דער רוסלענדישער סאציאל־דעמאקראטישער ארבייטער־פארטיי און רופט צו דעם זעלבען שריט אלע טיילען און מיטגלידער פון דער ר. ס. ד. א. פ., וועלכע ווילען באמת געהן צוזאמען מיט'ן רעוואלוציאָנערען רוסלענדער פראָלעטאַריאט, טיילענדיג מיט איהם ניט נאר זיינע איבערונגען, נאר אויך זיינע באַמיהונגען און צייטווייליגע מפלות.

דער אמת'ער יורש פון דער אַלטער ר. ס. ד. א. פ., דער רעוואלוציאנערער פיהרער פון רוסלענדער פראלעטאריאט, מיט וועלכער דער „בונד" האט פארבונדען זיין שיקזאל פון די ערשטע אנפאנגען פון זיין עקזיסטענץ, די אמת רעוואלוציאנער

מארקסיסטישע פארטיי פון רוסלענדער ארבייטערקלאס איז די רוסלענדער קאמוניסטישע פארטיי.

דאס פראגראם פון ר. ק. פ. איז אויך דאס פראגראם פון „בונד". דאס פראגראם פון „בונד" אין דער נאציאנאלער פראגע ווידערשפרעכט ניט דעם אלגעמיינעם פראגראם פון ר. ק. פ. און געפינט זיך אין הסכם מיט זיין גאנצען גייסט.

דער לאגישער אויספיהר פון דער גאנצער פאליטישער פאזיציע, וועלכע דער „בונד" פארנעמט, דארף זיין דער אריינגאנג פון „בונד" אין די ר. ק. פ. אויף די זעלבע יסודות, אויף וועלכע ער איז געווען אין ר. ס. ד. א. פ.

דערביי בעטאנט די 12. קאנפערענץ פון „בונד" מיט דער גאנצער אנטשלאסענהייט, אַז די אנערקענונג פון ארגאניזאציאנס־פרינציפ פון „בונד", די אנערקענונג פון „בונד", ווי פון א אויטאנאמער ארגאניזאציע פון אידישען פראלעטאריאט, וועלכע ערפילט זעלבסשטענדיג אויף דער אידישער גאס די אויפגאבע פון דער סאציאליסטישער רעוואלוציע, איז א אומבאדינגטער תנאי דערצו, אַז דער אידישער פראלעטאריאט זאל קענען ווי געהעריג איז ערפילען זיין רעוואלוציאנערע אויפגאבע, אז דער רעוואלוציאנערער אוואנגארד פון אידישען ארבייטער־קלאס וויל זיך באטייליגען אין אלגעמיינער שאפונג, ווי א קאלעקטיוו, א טרעגער פון א רוהמפולער רעוואלוציאנערער ערפאהרונג, אן אויסדרוק פון די באזונדערע באדערפעניסען פון אידישען פראלעטאריאט, א לעבעדיגע פארקערפערונג פון זיינע שטימונגען און פון זיין ווילען. די 12. קאנפערענץ גיט זיך אב אַ דין וחשבון, אז עס איז צייט, דער דאזיגער פרינציפ זאל ווערען אנערקענט און דער „בונד" זאל קענען אריינגעהן אין ר.־ק. פ., ווי א אויטאנאמע ארגאניזאציע פון אידישען פראלעטאריאט. זי פאדערט אויף דעם צ. ק. ביי דער פראקטישער דורכפיהרונג פונ'ם איצטיגען באשלוס פעסט זיך האַלטען ביי דעם דאזיגען אומבאדינגטען תנאי, און דריקט אויס איהר טיפע איבערצייגונג, אז די נויטיגע באדינגונגען פאר אונזער אריינגאנג אין ר. ק. פ. וועלען סוף כל סוף באשאפען ווערען.

*

די רעזאלוציע „וועגען דריטען אינטערנאציאנאל" פארענדיגט זיך מיט'ן פונקט 15, וואס זאגט:

Nr. 25

15. האלטענדיג, אז דער 3. אינטערנאציאנאל דארף אריינגעמען אין זיינע ראהמען ניט נאר קאמוניסטישע פארטייען, נאר אויך אלע פראלעטארישע פארטייען, וואס האבען ערנסט געריסען מיט'ן 2־טען אינטערנאציאנאל און צוזאמען מיט דעם זיך געשטעלט אויף דער פלאטפארם פון סאציאלער רעוואלוציע, רעוואלוציאנערער קלאסען־טאקטיק און קאמף פאר דיקטאטור.

אז די טאקטישע און אפילו פראגראמאטישע מיינונגס־פארשידענהייט צווישען באזונדערע קאמוניסטישע און סאציאליסטישע פארטייען, וואס שטעהען אין אלגעמיין אויף דעם באָדען פון 3־טען אינטערנאציאנאל, מיינונגס־פארשידענהייטען, וואס קענען באַרעכטיגען די באזונדערע עקזיסטענץ פון די דאזיגע פארטייען, קענען בשום אופן ניט שטערען די פאראייניגונג פון די דאזיגע פארטייען אין די ראהמען פון 3־טען אינטערנאציאנאל.

קאנסטאטירענדיג, אז דער 3־טער אינטערנאַציאנאַל האט פאר דער צייט פון זיין עקזיסטענץ באַוויזען, אז ער בויט זיין וועלט־טאקטיק, צופאסענדיג זי צו די אביעקטיווע מעגליכקייטען אין יעדען לאנד, אבשאצענדיג די רעאלע באַדינגונגען, ענערגיש קעמפענדיג אקעגען אַנאַרכיסטיש־בלאנקיסטישע טענדענצען אין ארבייטער־קלאס און דורכפיהרענדיג די פרינציפען פון רעוואלוציאנערען מארקסיזם.

אז דער 3־טער אינטערנאציאנאל האט אפיציעל ארויסגעוויזען די פולע באַרייט־ווילינגקייט ארייגצוטרעטען אין אונטערהאנדלונגען מיט יעדער פארטיי, וואס ערקלערט, אז זי איז גרייט ענדגילטיג צורייסען מיט'ן 2־טען אינטערנאַציאָנאַל, ווי אויך די באַרייט־ווילינגקייט „ארייגצוציהען אין חשבון די ערפאהרונג פון דער פראלעטארישער באוועגונג אין אלע לענדער, אויסבעסערן און פאררייכטען די פלאטפארם פון 3־טען אינטערנאַציאָנאַל אויפ'ן גרונד פון דער טעאריע פון מארקסיזם און ערפאהרונג פון רעוואָלוציאנערן קאמף אויף דער גאנצער וועלט".

קאנסטאַטירענדיג ווייטער, אז פאר'ן „בונד", וועלכער שטעהט אויף א פרינציפיעל קאמוניסטישער פאזיציע, קאן אין דער פראגע קיין רעד נים זיין וועגען יענע ספקות אין אבהאלטונגען, וואס זיינען ביי אנדערע פארטייען א רעזולטאט פון זייערע מיינונגס־פאַרשידענהייטען מיט'ן קאמוניזם, באשטימט די קאנפערענץ, —

אז דער „בונד" פון ראטען־רוסלאנד שליסט זיך אן אין 3. קאמוניסטישען אינטערנאציאנאל.

און רופט צו דעם זעלבען שריט אויך יענע טיילען פון „בונד" וואס זיינען פון איהם אבגעריסען דורך דער מלחמה און בירגער־קריג.

## Nr. 26

## רעזאלוציעס וועגען פארשיידענע סאציאליסטישע גרופירונגען אינ'ם אידישען פראלעטאריאט.

די גרויסע אויפגאַבע פון פארווירקליכען די פראָלעטארישע דיקטאַטור אויף דער אידישער גאַס פאדערט קאַטעגאריש אַ פאַראייניגונג פון אלע טיילען פון אידישען רעוואָלוציאנערן פראלעטאַריאַט, וואס האבען זיך געשטעלט אויפ'ן באדען פון קאָמוניזם. די צושפאַלטונג און קליינליכע פארטיי־קאָנקורענץ צווישען גרופען, וואס האבען זיך אין אלע גרונד־פראַגען פון פראגראם און טאקטיק געשטעלט אויף איין שטאנדפונקט, דארף אויפהערען.

### א. וועגען די „פאראייניגטע".

ביי דער „פאראייניגטער אידישער סאָציאליסטישער ארבייטער־פאַרטיי" איז דער פראָצעס פון איבערשאַצען די ווערטהען, וועלכע איז ביי זיי פארגעקומען די לעצטע יאהרען, געקומען צום סוף. זי האָט זיך ווירקליך און אנטשלאסען אבגעזאגט פונ'ם טעריטאָריאליזם און פון יענער שטעלונג צו דער נאציאנאַלער פראגע, וועלכע מיר האבען די גאנצע צייט באקעמפט. זי האט זיך אין אלגעמיין פאליטישע פראגען געשטעלט אויפ'ן באדען פון קאמוניזם, צווינגענדיג איהרע רעכטע און נאַציאָנאליסטישע עלעמענטען צו פארלאזען איהרע רייהען און באפרייענדיג זיך אויף אזא אופן פון איהרע קליינ־בירגערליכע מיטלויפער.

נעמענדיג דאס אלץ אין באַטראכט, שטעלט די 12. קאנפערענץ פעסט, אז אויב די באפארשטייענדיגע באראטונג פון די פאראייניגטע וועט באַשטעטיגען די דאָזיגע פאקטישע פאזיציע פון דער פאַרטיי, וועלען ניט באַשטעהן קיין מניעות אנצונעמען דעם פארשלאג וועגען פאראייניגונג פון „בונד" מיט דער פאראייניגטער אידישער סאָציאליסטישער ארבייטער־פארטיי."

## ב. וועגען „פועלי־ציון".

די 12. קאנפערענץ קאנסטאַטירט, אז אויך אין די איבעריגע פראלעטארישנאַציאָנאַליסטישע גרופירונגען, וועלכע האבען קאנצענטרירט ארום זיך אַ טייל פון די אבגעשטאַנענע און קלייינבירגערליך געשטימטע עלעמענטען פון אידישען פראלעטריאט, קומט פאָר אַ טיפער פראָצעס פון איבערשאצען די ווערטען. ביי די „פועלי־ציון" קומט פאר אַ טיפע צופאלונג. איין טייל אונטער'ן נאמען ס. ד. פא־טיי „פועלי ציון", שטרעבט אנצושפארען זיך אן דער אלטער נאַציאָנאַליסטיש־קלייינבירגערליכער אידעאלאגיע, פיהרענדיג א ציוניסטישע אַגיטאַציע און פאַרדונקלענדיג דעם קלאסען־באַוואוסטזיין פון אידישען פראָלעטאריאַט. דער צווייטער טייל, איד. קאמ. פארטיי „פועלי־ציון", האט זיך נאך אָפיציעל אויך ניט אבגעזאגט פון ציוניזם.

אין דער זעלבער צייט וואקסט אין ביידע טיילען אָן אַ שטרעמונג, וואס וויל זיך אבזאָגען פון ציוניזם, וואָס וויל צורייסען מיט דער פריהערדיגער נאציאָנאליסטישער אידעאָלאָגיע. דער חוב פון „בונד" איז — העלפען דעם דאזיגען פראצעס.

די 12. קאנפערענץ פון „בונד" ווענדט זיך צו די ארבייטער־גרופען, וואס געהערען נאך די פ. צ., און פאָדערט זיי אויף צו שטעלען ביי זיך אויף באהאנדלונג די רעזאלוציעס פון אונזער קאָנפערענץ, וועלכע זיינען אן אויסדרוק פון רעוואלוציאנערן ווילען פון גאנצען אידישען פראלעטאריאט, און צו פאדערן ביי זייערע פיהרער, עס זאל ענדגילטיג צוריסען ווערען דער שעדליכער אידעאישער בונד צווישען זיי, אידישע ארבייטער, מיט דער ציוניסטישער בורזשואזיע, עס זאל אראבגענומען ווערען פון זיי, אידישע ארבייטער, דער טייל מאָראלישע פאַראַנטוואָרטליכקייט פון דער פאַרשקלאפונג פון דער אראבישער באַפעלקערונג אין פאַלעסטינא. קיין איין אידישער אַרבייטער טאר ניט בלייבען אין לאגער פון ציוניזם. אלע ווי איין מענש אונטער די רעוואלוציאנערע פאהנען פון „בונד"!

## ג. קאמוניסטישע סעקציעס.

די אידישע קאָמוניסטישע סעקציעס, באשאפען מיט'ן ספעציעלען ציל צו באַקעמפען דעם „בונד", קינסטליכע אינסטיטוציעס, וואס האבען די גאַנצע צייט געשפילט אַ ראָלע כמעט נאר פון אַ שילד אויף לאקען די אידישע אַרבייטער מיט'ן שיין פון אַ כלומרש'דיגער אָרגאניזאציע, האבען ניט געקאנט אין דעם קלענסטען מאס דורכפיהרען אויף דער אידישער גאַס די דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט. ניט קוקענדיג אויף אלע פריווילעגיעס, וועלכע זיי האבען גענאָסען אין זייער קאַמף נעגען „בונד", ניט קוקענדיג אויף די אומבאַגרענצטע טעכנישע און פינאַנציעלע מעגליכקייטען, האבען זיי ניט באַוויזען אַריינצוציהען די ברייטע מאסען פון אידישען ארבייטער־קלאס אונטער זייער ווירקונג.

מאכטלאָז צו אָרגאניזירען א לעבעדיגע שאַפונגס־ארבייט, מאכטלאָז זיך אנטשלאָסען איינצושטעלען פאר די באדערפעניששען פון דער אידישער סאציאַליסטישער ארבייט, ניט פיהלענדיג אונטער זיך קיין פעסטען באָדען פון קיין מאססען־באוועגונג, אהן רעוואָ־לוציאנערע טראַדיציעס אין דער פערגאנגענהייט און אהן פערספעקטיווען אויף דער צוקונפט, שטענדיג פיהלענדיג איבער זיך די סכנה פון איגנאנצען אבגעשאַפט ווערען, פון פאַרביטען ווערען דורך פשוטע, טעכנישע „אבטיילונגען״, האבען די סעקציעס נאר באוויזען צו ביוראָקראַטיזירען די אידישע סעקציעס פאר פאלקס־בילדונג, וואו די ארבייט ווערט געפיהרט אויף ריין קאַנצעלאַרישע יסודות, אהן וועלכער ניט איז פארבינדונג מיט די מאַססען.

די סעקציעס לעבען איצט איבער א טיפען קריזיס. פיל ערהליכע און אויפריכטיגע סאציאַליסטישע טוער, וואס האבען פארלאָזען די אלטע פארטייען, ווייל זיי זיינען ניט באפרידיגט געוועזען דורך זייער פאליטישער ליניע, אבער וואס האבען געהאפט איינצו־האלטען דעם פרינציפ פון אַ זעלבסטשטענדיגער אידישער אָרגאניזאציע, וואס האבען געמאכט דעם פרוב מיט ן קאמוניסטישען פארבאנד און האבען קאַפּיטולירט פאר די סעקציעס, פיהלען איצט אַ טיפע אנטוישונג. די ארבייטער, וואס זיינען אין די סעקציעס אריין איבערצייגען זיך באלד, אז דער דאזיגער סוראגאט פון אָרגאניזאציע קאָן זיי ניט באַ־פרידיגען.

די 12. קאנפערענץ פון „בונד״ קאנסטאטירט, אז די אנטוישונג און דער שטיל־שטאַנד, וועגען וועלכע מ׳רעדט אפען אין די סעקציאָניסטישע קרייזען, איז א אומפאר־מיידליכער רעזולטאַט פון יענעם פאלשען וועג מיט וועלכען די סעקציאניסטען זיינען אוועק.

אַז די יסודות, אויף וועלכע ס׳איז געבויט די ארבייט פון די סעקציעס, לויט דעם סטאַטוט פון ר. ק. פ.. בילדען ניט קיין באָדען פאר דער ווירקליכער זעלבסטשטענדיגקייט פון אידישען פראָלעטאַריאַט אין דער אידישער סביבה.

אַז אלע אידישע ארבייטער און ארבייטער־טוער, וואס געפינען זיך אין דער סעקציע, זיינען מחויב אפען צו שטעלען ביי זיך די פראגע וועגען דעם, אז די סעקציע איז ניט לעבענס־פעהיג און איז ניט בכח צו ערפילען די אויפגאבען אריינצוציהען די אידישע ארבייטענדע מאסען אין אקטיווען רעוואָלוציאָנערען קאמף און דורכצופיהרען די דיקטאַטור אויף דער אידישער גאַס.

אַז די איינציגע ארגאניזאציע, וועלכע קען ערפילען די דאזיגע אויפגאבען און דערשלאגען זיך אנערקענונג פאר איהר אויטאָנאָמער עקזיסטענץ, קאן זיין נאר דער „בונד״.

אַז ארום זיינע באמיהונגען דארפען זיך פאראייניגען אלע רעוואלוציאנער־מאַר־קסיסטישע ארבייטער־טוער און אלע באוואוסטזיניגע אידישע ארבייטער, וועמען ס׳איז טייער דער גורל פון דער אידישער ארבייטער־באוועגונג און ווער ס׳וויל, אַז די צוקונפט פון אידישען ארבייטער־קלאס זאל זיין אזוי רוהמפול, ווי זיין פאַרגאַנגענהייט.

האלטענדיג, אַז נאך דער 12. קאָנפערענץ פון „בונד״ באשטייען ניט קיין שום פראָגראַמאַטישע אדער טאַקטישע מיינונגס־פארשידענהייטען צווישען „בונד״ און דער סעקציע,

אַז דער אָרגאַניזאַציאָנעלער מינימאַליזם, וועלכען די סעקציע פּאַרטרעט אָפיציעל אין קאַמף געגען „בונד", איז ניט נאָר געגען די אינטערעסען פון אידישען פּראָלעטאַריאַט, נאָר ער אַנטשפּרעכט ניט דער אינערליכער איבערצייגונג פון יענע ארבייטער, וואָס גרופּירען זיך אין דער סעקציע.

געפינט די 12. קאָנפערענץ, אַז ביז וואַנען די פראגע וועגען דעם אריינגאַנג פון „בונד" אין ר. ק. פּ. וועט געלעזט ווערען, דארפען אנגעטעמען ווערען מיטלען צו באַ־שאַפען אויף דער אידישער גאַס א אייניהייטליכען קאמוניסטישען פראנט דורך ברענגען ביז א מינימום די אָרגאַניזאַציאָנעלע רייבונגען צווישען די באַזונדערע גרופּירונגען, וואָס שטעהען פאקטיש אויף איין פּאָזיציע, און האלט פאר איהר חוב צו ערקלערען, אַז די גאנצע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאר דער פאַרזעצונג פון אַזעלכע רייבונגען און פון קליינ־ליכע ארגאַניזאַציאָנס־סעריייען וועט פאַלען אויף יענע, וועלכע ווילען ניט זיך אָבגעבען אַ דין וחשבון אין דעם גרויסען היסטאָרישען מאָמענט, וועלכען ס'לעבט איצט איבער די אידישע ארבייטער־באוועגונג, און ווילען ניט פארשטעהן, אַז די איינציגע קאמוניסטישע קראַפט, וואָס קאָן פאראייניגען ארום זיך דעם גאנצען אידישען פּראָלעטאַריאַט, קאָן זיין און וועט זיין נאָר דער „אַלגעמיינער אידישער ארבייטער־בונד".

## Nr. 27

### ד. וועגען דער נאַציאָנאַלער פראגע.

1. אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג איז די נאַציאָנאַלע פראַגע געשטאַנען, ווי א פראגע וועגען נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און נאַציאָנאַלער אומגלייכהייט. דער „בונד" האט דאַן אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, ווי א סיסטעם פון גאַראַנטיעס, וואָס דאַרף אין די ראַהמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט באַשיצען און באַוואָרענען די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען אַנטקעגען דער אונטערדריקונג פון דער בורזשואַזער מלוכה און פון די הערשענדיגע נאַציאָנאַלע מערהייטען.

2. די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע צוברעכט די קייטען פון דער נאַציאָנאַלער שקלאַפעריי. די דיקטאַטור פון'ם פּראָלעטאַריאַט באַפרייט די אונטערדריקטע נאַציאָנען, נעהמט אַראָפּ פון טאָג־אָרדנונג די נאַציאָנאַלע פראַגע, ווי א פראגע פון קלאַסענקאַמף און פון גאַראַנטיעס, און צוזאַמען מיט דעם פאַלט אָפּ די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, ווי פון אַן עפּענטליך־רעכטליכער אינסטיטוציע, ווי א יורידישע באַ־וואָרעניש פאר די מינדערהייטען.

3. די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע וועקט אויף די ברייטסטע מאַסען פון זייער קולטורעלער אָפּהענגיגקייט, עפענט זיי אויף אַ צוטריט צו די קולטורעלע אוצרות, וועלכע זיינען אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג געווען פאר זיי פאַרשלאָסען, מאַכט זיי פאר טרעגער און שעפער פון קולטור, פאר אקטיווע אנטיילנעהמער אין פּראָצעס פון סאָציאַליסטישער קולטור־שאַפונג און שטעלט אויף אַזאַ אופן די נאַציאָנאַלע פראגע אין א נייעם ליכט, ווי א פראָבלעם וועגען די אָרגאַניזאַציאָנעל־מלוכה'שע יסודות, אויף וועלכע עס דאַרף געבויט ווערען די פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישע קולטור־שאַפונג, וועלכע קאָן קאָנקרעט אין'ם לעצטען חשבון ניט פאַרקומען אַנדערש, ווי אין פאָרמען

פון נאציאנאלע שפראַכען און נאציאנאלער קולטור, און וועלכע איז מעגליך נאר אויפ'ן יסוד פון דער ווירקליכער זעלבסטשטענדיגקייט פון די ארבייטענדיגע מאסען ביי זייער קאָנטראָל איבער אלע אָרגאַנען פון קולטור־ארבייט.

4. דאָס דאָזיגע פראבלעם, וואס איז א וויכטיגער טייל פונ'ם אַלגעמיינעם גרויסען פראָבלעם פון סאציאליסטישער בויאונג, איז ניט אַוועקגעשטעלט געווארען אין זיין גאַנצען גרויס ניט אין נאציאנאלען פראָגראַם פון ר. ק. פ., וואו עס האנדעלט זיך אויס־שליסליך וועגען טערריטאָריאַלער שטעלונג פון דער פראַגע, ניט אין זיין פראָגראַם פון קולטור־ארבייט, וואו די נאציאנאלע פראגע איז איגנאָרירט ניט באריהרט, אויך אין דער ראַטען־פּראַקטיק, וועלכע איז בלי ספק דורכגעדרונגען מיט דער שטרעבונג צו הויבען דעם קולטורעלען מצב פון די נאציאנאלע מינדערהייטען און העלפען זייער אנטוויקלונג (דעקרעטען, אינסטרוקציעס וועגען שולען פאר נאציאָנאלע מינדערהייטען מיט באזונדערע סעקציעס, ברייטע פינאנסירונג פון זייער אַרבייט א. א. וו.) איז די אויפגאבע מאכען די ארבייטענדיגע מאסען פון א מאָל אונטערדריקטע נאציעס פאר אמת'ע טרעגער פון דער נייער קולטור און אויפבוי'ען אָרגאניזאציאנס־פארמען פאר זייער קולטורעלען שאפען אויך ניט אוועקגעשטעלט געווארען.

דער אידישער ארבייטער־קלאס מוז אוועקשטעלען דאס פראבלעם אזוי ווי עס שטעלט איהם די עפאָכע, ניט, ווי א פראגע פון אויפקלערען די מאסען פון אויבען, נאר ווי אַ פראבלעם פון פאזיטיווע שאפונג, פון אויפוועקען און ארויסרופען אין לעבען די כחות פון דער נייער פראלעטארישער אידישער קולטור, פון שאפען באדינגונגען פון איהר אנטוויקלונג, פארווירקליכענדיג באמת די פראלעטארישע דיקטאטור אין דער אידישער סביבה, ארגאניזירענדיג די קולטורעלע זעלבסטשטענדיגקייט פון די אידישע מאסען און באקעמפענדיג די רעשטען פון דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע, וועלכע נעהמט אָן ביי יעדער נאַציאָן איהרע ספעציפישע פאָרמען, וואָס דארפען באקעמפט ווערען אויף ספעציפישע וועגען.

6. אבער די סאציאליסטישע רעוואָלוציע האט אראָפּגענומען פון טאָג־אָרדנונג נאָך אַ כלל פון אונזער אלטען פראָגראַם — די פאָדערונג איינגאנצען אויסצוטיילען פון רשות פון דער מלוכה אין פון די אָרגאַנען פון אָרטיגע און טעריטאָריאַלע זעלבסט־פארוואלטונג און איבערגעבען די נאציאָנען אלע פונקציעס, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט פראַגען פון קולטור און אויף אַזאַ אופן איינגאנצען אָפּנעהמען ביי דער מלוכה די מעג־ליכקייט, צולאָזענדיג נאָר דאס רעכט פאַר דער צענטראַלער מאַכט איינצופיהרען געוויסע אַלגעמיינע נאָרמען. דער דאָזיגער פאָסטולאַט, אַרויסגערוקט מיט'ן ציל פונאנדערצו־גרעניצען די נאַציאָנען, דערבריינגען ביז אַ מינימום די נאַציאָנאלע רייסעניש אין די אלגעמיינע אָרגאַנען. באַפרייען דעם פראָלעטאַריאַט פון אונטער דער נאַציאָנאליסטישער ווירקונג פון זיין בורזשואַזיע, און די דאָזיגע אָרגאַנען האבען איצט פארלוירען אונטער זיך דעם גרונד.

7. די פאַרניכטונג פון דער בורזשואַזער דיקטאַטור, דער אַריבערגאַנג פון דער מאַכט אין די הענד פון אַרבייטער־קלאַס שאַפט צוערשט אין דער געשיכטע די מעג־ליכקייט פון אנ'אמת ברידערליכער צוזאַמענאַרבייט פון נאַציאָנען אין אַ מלוכה־מאַסשטאַב אויף אַלע געביטען, ניט אויסגעשלאָסען אויך דאס קולטור־געביט. די סאָציאַליסטישע

רעוואָלוציע רוקט אַרויס אַ רייהע אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון קולטור־בויאונג, וואס קאָנען און דאַרפען געלעזט ווערען דורך דעם פּראָלעטאריאַט פון פאַרשידענע נאַציאָנען אין צוזאַמענווירקונג און ענגען קאָנטאַקט, דורך פאַראייניגען און צוזאַמען אויסנוצען די טעכנישע מעגליכקייטען, דורך אָרגאַניזירען די אינסטרוקטירונגס־ארבייט פון דער קנאַפּער צאָהל פאַרהאַנענע ספּעציאַליסטען אויפ׳ן עקאָנאָמיש מעגליך אופן.

אַרויסגעהענדיג פון דעם אלץ באַשטימט די 12. קאָנפערענץ פון „בונד“:

א) די פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, אַרויסגעשטעלט אין די ראַהמען פון דער קאַפּיטאליסטישער געזעלשאַפט, פאַרלירט איהר זין אין די באַדינגונגען פון דער סאציאלער רעוואלוציע.

ב) דער „בונד“ בלייבט ווי פריהער ביים כלל, אז די קולטור־ארבייט דאַרף זיין די זאַך פון די אַרבייטענדע מאַסען פון דער באַטרעפענדער נאַציאָן אליין, געבויט אויף זייער ברייטסטער זעלבסטטעטיגקייט, אויף דער פאראנטוואָרטליכקייט פון די אויספיהרענדע אָרגאַנען פאר די דאָזיגע מאַסען, אונטער זייער קאָנטראָל און אָנפיהרונג, און די באַדינגונגען פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע דאַרף אין דער דאָזיגער אַרבייט דורכגעפיהרט ווערען די דיקטאַטור פון פּראָלעטאריאַט, וואס פיהרט הינטער זיך די ארבייטענדע מאַסען.

ג) דער „בונד“ בלייבט ווי פריהער ביים כלל, אז עס דאַרף געבויט ווערען אַ סיסטעם אָרטיגע, אויעזדנע, גובערנסקע און צענטראלע נאַציאָנאלע אָרגאַנען, געקליבענע דורך די ארבייטענדיגע מאַסען פון דער געגעבענער נאציע, ארגאַנען, וואס באַשטימען די קאָלעגיעס אויף דורכפיהרען די קולטור־ארבייט ביי דער דאָזיגער נאַציע, קאָנטראָלירען זי, נעמענדיג אַ דירעקטען אָנטייל אין דער אַרבייט, און פאַרווירקליכען זעלבסטשטענדיג צוזאַמען מיט איהר די אויפגאַבען פון קולטורעלער בויאונג, ענדגילטיג לעזענדיג אַלע פראַגען, וואס האבען אַ אינערליך נאַציאָנאלען כאַראַקטער.

ד) דער „בונד“ האלט, אַז די אינטערעסען פון פּראָלעטאריאַט פאָדערן איצט אין געגענזאַץ צו דער קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע, די צענטראַלע און אָרטיגע מלוכה־אָרגאַנען זאָלען זיך בשום אופן ניט באַזייטיגען פון דער קולטור־ארבייט, אַז פאַרקעהרט, ס׳איז דורכאויס נויטיג און צוועקמעסיג, עס זאָלען עקזיסטירען צענטראַלע און אָרטיגע אַלגעמיינע מלוכה־אָרגאַנען פאר בילדונג און קולטור, וואס ארבייטען אין ענגסטען קאָנטאַקט מיט די אינטערנאציאָנאלע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאציעס, און זיינען אַן אויסדרוק פונ׳ם ווילען פון גאַנצען אינטערנאַציאָנאלען פּראָלעטאריאַט און שטיצען זיך אויף דער אַרבייט פון די נאַציאָנאלע קאָלעקטיוון. די אָרגאַנען פון באַזונדערע נאַציאָנען דאַרפען בילדען אַן אָרגאַנישען טייל פון די אָרטיגע, אויעזדנע, גובערנסקע און צענטראַלע אַלגעמיין־מלוכהשע אָרגאַנען פאַר בילדונג און קולטור, צוגרייטענדיג און טיילווייז אויך דורכפיהרענדיג אין אַ געמיינזאַמער אינטערנאַציאָנאלער אַרבייט דאס, וואס קאָן געטון ווערען צוזאַמען און בלייבענדיג אויטאָנאָם אין געביט פון זייער קאָמפּעטענץ.

(„קאָמוניסטישע וועלט“, מערץ־אַפּריל נומ. 14—15, 1920)

---

# די פארשמעלצונג פון די „פאראייניגטע"
# מיט'ן קאמוניסטישען „בונד" אין רוסלאנד.

## I. רעזאלוציע פון דער 2־טער אלגעמיינער פארטיי־בעראטונג פון דער פאראייניגטער אידישער סאציאליסטישער ארבייטער־פארטיי פון רוסלאנד.

(אבגעהאלטען אין האָמעל פון 28. אפריל ביז 2. מאי 1920)

Nr. 28

צום פונקט „נאציאנאלע פראגע".

די סאציאליסטישע רעוואָלוציע קען מנצח זיין נאָר דעמאָלט, ווען זי איז זיך סומך אויף דער אָרגאניזירטער זעלבסטטעטיגקייט פון דעם ארבײטער־קלאס און די ברייטע האָראָפּאַשנע מאסען.

די פאָרמען פון דער דאזיגער אָרגאַניזירטער זעלבסטטעטיגקייט זיינען אָפּהענגיג ניט בלויז פון די עיקר'דיגע אינטערעסען פונ'ם וועלט־פראָלעטאריאט, נאָר אויך פון די אייגענארטיגע מלוכה'דיגע און נאציאנאלע תנאים און פון דער לאגע פון די איינצעלנע טיילען פון אלוועלטליכען ארבייטער־קלאס.

אין נאציעס־מלוכות, און אזעלכע זיינען עס טיילען פון דער רוסלענדישער סאציאליסטישער פעדעראטיווער ראטען־רעפובליק, שאפט די סאציאליסטישע רעוואָלוציע פאר די האָראָפּאשנע מאסען פון אלע נאציעס ברייטע מעגליכקייטען פאר אָרגאניזירטער זעלבסטטעטיגקייט, אין דערביי איז די אנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע אָפּהענגיג פון דעם, אויף וויפיל מען ברענגט אריין אין חשבון די נאציאָנאלע באַדינגונגען, די סיטואציע פון די האָראָפּאשנע מאסען אין זייער באדארף אויף זעלבסט־טעטיגקייט.

ארויסגעהענדיג פון די דאזיגע יסודות געפינט די 2. אלגעמיין־פארטייאישע בעראטונג פון דער פאראייניגטער אידישער סאציאליסטישער ארבייטער־פארטיי:

1) אז, כדי דער אידישער ארבייטער, ווי אויך די ברייטע אידישע האָראָפּאשנע מאסען זאָלען זיין ביכולת אָרגאניש ארייננצוּוואקסען אינ'ם פּראָצעס פון דער סאציא־ליסטישער רעוואָלוציע ביי דער אפגעשטאנענער אידישער סביבה, דארפען אין דעם ראטען־סיסטעם קודם כל אריינגענומען ווערען די אידישע קולטור־אָרגאנען, סיי די אָרטיגע סיי די צענטראלע, וועלכע זיינען געבויט אויף דעם יסוד פון דער קאָנסטיטוציע פון דער רוסלענדישער סאציאליסטישער פעדעראטיווער ראטען־רעפובליק און וועלכע דארפען אויטאָנאָם פארוואלטען מיט די ענינים פון דער אידישער קולטור, זייענדיג אין דער אייגענער צייט נאָר טיילען פון די געהעריגע אלגעמיינע ראטען־אָרגאנען.

2) אויף וויפיל עס וועט זיך ארויסווייזען פאר נויטיג, דארפען געשאפען ווערען אינסטיטוציעס לויט דעם זעלבינען פרינציפ אויך פאר די אנדערע געביטען פונ'ם אידישען לעבען.

3) ווען עס וועלען געשאפען ווער'ען די אָרגאנען, מכח וועלכע עס רעדט זיך אינ'ם פונקט 2, וועט נויטיג זיין צו שאפען איין צענטראלען אָרגאן, וועלכער זאָל

קאָאָרדינירען און צענטראליזירען די ארבייט פון די איינצעלנע צענטראלע און אָרטיגע אָרגאנען.

## Nr. 29

## II. ראדיאָ.

צו אלע אָרגאניזאַציעס פון דער „פאַראייניגטער אידישער סאָציאַליסטישער ארבייטער־פארטיי" אין ראַטען רוסלאנד, אוקראינע, ליטאָ, ווייסרוסלאַנד, לעטלאַנד, פוילען, עסטרייך און אמעריקא. צו אלע אידישע ארבייטער.

די „פאראייניגטע אידישע סאָציאַליסטישע ארבייטער־פארטיי" האט אויף איהר 2־טער אַלגעמיינער פאַרטייבאראטונג (האמעל 28. אפריל—2. מאי) איין מאָל פאר אלע מאל געמאכט א סוף מיט דער תקופה פון אידעאישע וואקלעניש׳ען און ארגאניזאציאנעלער צושפליטערטקייט. דורך איהרע רעזאָלוציעס און החלטות האט זיך די 2־טע באראטונג פון דער „פאראייניגטער אידישער סאציאליסטישער ארבייטער־פארטיי" סוף כל סוף גע־שטעלט אויף דעם באָדען פונ׳ם קאמוניזם, וועלכער פארקערפערט זיך אין רוסלאנד אין דער רוסלענדישער קאמוניסטישער פארטיי, און איז צוגעשטאנען צום קאָמוניסטישען אינטערנאציאנאל. דער אידישער ארבייטער קלאס באקומט לבסוף א אידעאישען תוך און ארגאניזאציע־פארמען, וועלכע מאכען איהם מעגליך צוצושטעהן צום אלוועלטליכען פראלעטאריאט אין דער סאציאליסטישער רעוואָלוציע. און נים נאר ביי דער „פאר־איינגטער אידישער סאָציאליסטישער ארבייטער־פארטיי" אויך אין דעם „בונד" האט זיך פארענדיגט דעם פראצעס פון זיין קאמוניסטישער זעלבסטבאשטימונג, און אויף דעם סדר היום שטעהט שוין די פראגע פון פאראייניגען דעם „בונד" און די „פאראייניגטע אידישע סאָציאליסטישע ארבייטער־פארטיי" אין איין קאמוניסטישער ארגאניזאציע פונ׳ם אידישען פראלעטאריאט. זייענדיג מודיע וועגען דעם אלע פארטייאישע ארגאניזאציעס און אידישע ארבייטער נים בלויז פון ראטען־רוסלאנד און ראטען־אוקראינע, נאר מאכט בפירוש די צייטווייליג אָקופירטע אוקראינע, ווייסרוסלאנד, ליטא, לעטלאנד און פוילען, רופט דער צ. ק. פון דער „פאראייניגטער אידישער סאָציאליסטישער ארבייטער־פארטיי" די ארגאניזאציעס ווי אויך אלע אידישע ארבייטער, וואס גיכער צו מאכען א סוף מיט דעם אלטען דרך פון 2־טען אינטערנאציאנאל, צו ארגאניזירען זיך אין א קאָמוניסטישער ארגאַניזאציע און אין הסכם מיט די ארטיגע תנאים און די אָנווייזונגען פונ׳ם קאמוניסטישען אינטערנאציאנאל אנצוטיהרען דעם אנטגילטיגען קאמף פאר דיקטאטור פונ׳ם פראָלעטאריאט, וועלכער גיסט זיך אויס אין דער פארם פון ראטען־מאכט, פאר העלפען ראטען־רוסלאנד אין איהר קאמף מיט די היגען פונ׳ם אלוועלטליכען אימפעריאליזם און זיינע (?) פאר דעם נצחון פון דער סאָציאַליסטישער רעוואלוציע. די אידישע ארבייטער דארפען גוט געדענקען, אז נאר די קאמוניסטישע אָרגאניזאציע גיט דעם אידישען פראלעטאריאט די מעגליכקייט ארויסצוווייזען דעם מאקסימום פון זיין רעוואלוציאנערער ענערגיע און סאציאליסטישען שאפען; נאר דער קיום פון פארשטארקונג פון ראטען־רוסלאנד איז די זיכערע ערבות פאר דעם אנטגילטיגען נצחון פון דער אלוועלטליכער סאציאליסטישער רעוואָלוציע.

(„גא פאווראטע".)

---

Nr. 30

# אלגעמיינע אידישע ארבייטער־קאנפערענץ אין ארץ ישראל.

(אבגעהאלטען 5.—9. דעצעמבער 1920)

די קאנפערענץ, וואס האט פארטרעטען 4433 ארבייטער דורך 87 דעלעגאטען (37 מיטגלידער פון „אחדות העבודה", 6 הפועל־הצעיר, 16 צעירי־ציון, החלוץ און השומר הצעיר, 6 מ. פ. ס. און 2 פון אומאבהענגיגע קביצות) האט אנגענומען פאלגענדע באשלוסען:

## די אלגעמיינע ארגאניזאציע.

דער אבייטער־צוזאמענשאהר אין ארץ ישראל שאפט אן׳אלגעמינע ארגאניזאציע פון די אידישע ארבייטער אין א"י.

## די תקנות פון ארגאניזאציע.

א. די אלגעמיינע אר־גאניזאציע פאראייניגט אלע ארבייטער און האראפאישניקעס פת׳ים לאנד, וואס לעבען פון זייער הארעוואניע און עקספלואטירען נים קיין אנדערע, כדי צו ארגאניזירען דעם עקאנאמישען און קולטורעלען לעבען פון דעם גאנצען ארבייטער־קבוץ אינ׳ם לאנד אין אויפבויען א אידישע ארבייטער־געזעלשאפט אין ארץ ישראל.

ב. די ארגאניזאציע ווערט צוזאמענגעשטעלט פון פראפעסיאנעלע פאראיינען.

ג. דער ארבייטס־געבי׳ם פון דער אלגעמיינער ארגאניזאציע:

1) ארגאניזירען און אנטוויקלען די ערד־ארבייט און פארשיידענע צווייגען פון ארבייט אין דארף און שטאדט, אר־גאניזירען ארבייטער־אפטיילונגען און קבוצות פאר ערד־ארבייט און אינדוסטריע.

2) ארביטס־בעדזעס.

3) ארגאניזירען די ארבייטער אין אלגעמינע אומפארטייאישע פראפעסיאנעלע ארגאניזאציעס, וועלכע נעהמען ארום אלע ארבייטער לויט זייער פאך.

4) פארבעסערן די ארבייטס־באדינגונגען און אויפהויבען די פראדוקטיוויטעט.

5) געבען א טעכניש־פראפעסיאנעלע בילדונג.

6) ארגאניזירען קאאפעראטיוועז.

7) געגענזייטיגע (הילף קראנקען־קאסע, פארזיכערונג, לייה־קאסע וכדומה).

8) ארגאניזירען די שמירה און די פארטיידיגונג.

9) אויפנעהמען די עמיגראנטען און געבען זיי ארבייט.

10) ארגאניזירען די עמיגראציע פון די ארבייטער מחוץ לארץ.

11) איינפיהרען די העברעאישע שפראך צווישען די ארבייטער.

12) שאפען ארגאנען פאר קולטורעלער ארבייט, כדי געבען אפראפעסיאנעלע־און לאנדווירטשאפטס־בילדונג, ארגאניזירען ביבליאטעקען און וויסענ־שאפטליכע קורסען און ארויסגעבען פאך־ליטעראטור.

13) ארויסגעבען פאך־צייטונגען און א ביולעטין פון דער אלגעמיינער ארגאניזאציע.

ד) די ארגאניזאציע שטעהט אין א פארבינדונג מיט אלע אינסטיטוציעס, ארגא־ניזאציעס און פארטייען, סיי אידישע און ניט־אידישע, הן אינ׳ם לאנד הן מחוץ לארץ;

כדי צו פאַרפעסטיגען דעם אידישען אַרבייטער אינ'ם לאַנד און כדי אויפצובויען אַ האָראָסאישנע ארץ ישראל. די פאַרבינדונג איז בלויז אַ פּראַקטישע.

ה) די ארגאַניזאַציע שטעלט זיך אין אַ פראַקטישער און ארגאַניזאַציאָנעלער פאַרבינדונג מיט אלע חלוצים־אָרגאַניזאַציעס מחוץ־לארץ, וואס גרייטען זיך צו עמיגרירען קיין ארץ ישראל, כדי זייער ארבייט זאָל געפיהרט ווערען אין הסכם צו די הצטרכות'ן פון דער אַרבייט אינ'ם לאַנד.

ו) די אָרגאַניזאַציע ווענדט זיך צו אַלע אידישע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס אין גלות, וועלכע אנערקענען אַן אַרבייטענדיגע ארץ ישראל און ווייזט אויף די דרינגענדע נויטיגקייט צו שאַפען אַן אַלגעמיינע צווישען־פּאַרטייאישע אינסטיטוציע פאַר פּראַקטישער אַרבייט און אויפבוי פון אַ אידישער אַרבייטענדיגער געזעלשאַפט אין ארץ ישראל.

ז) די אָרגאַניזאַציע שיקט איהרע פאַרטרעטער אין אַזעלכע אינסטיטוציעס, ווי דער נאַציאָנאַל־פאָנד וכדומה.

ח) די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע איז די איינציגע, וואס האט צו זאָגען אין אַלע ענינים, וועלכע געהען אַריין אין גאַנצען סכום פון איהר אַרבייט. בנוגע די דאָזיגע ענינים איז זי דער איינציגער פאָרשטעהער פון דער גאַנצער אַרבייטערשאַפט פונ'ם לאַנד כלפי פנים און כלפי חוץ.

## דער ראַט.

דער צוזאַמענפאָר קלויבט פון זיך אויס אַ ראַט פון 23 מיטגלידער. אינ'ם ראַט לאוט מען איבער 2 ערטער פאר די פארשטעהער פון די תימנער און 2 — פאר די פאָרשטעהער פון דער ארבייטערינס־ארגאניזאציע.

דער צוזאמענפאָר באפולמעכטיגט דעם ראַט צו פיהרען און צו ארגאניזירען די גאנצע ארבייט פון דער ארגאניזאציע ביז צום קומענדיגען צוזאמענפאָהר, אויסקלייבען די צענטראלע ארגאנען, די פארוואלטונג פון דער צענטראלע אינסטיטוציע, ווי משרד העבודה, משרד העליה, קופת־חולים ועדת תרבות וכו׳).

אינ'ם ראַט זיינען אויסגעקליבען געווארען: 1. אַלקינד, 2. אַסף, 3. בלומענ־פעלד א., 4. בן־צבי י., 5. בערגמאן הוגאָ, 6. גרשון, 7. הוז דוב, 8. הערצפעלד א., 9. ווילקאָנסקי י., 10. טאַבענקין י., 11. טווערסקי נ., 12. יבנאלי ש., 13. ינאיתר, 14. יער י., 15. קאצנעלסאָן ב., 16. עלינה, 17. סוועֶרדלאוו ד., 18. סעקאדער, 19. רמז ד., 20. שוחט אליעזר, 21. שוהט מניה, 22. שוויינער י., 23. שפּרינצאַק י.

## די פאראייניגונג פון די אינסטיטוציעס.

אלע אינסטיטוציעס, וואס שטעהען אין רשות פון דער אדער אנדער פארטיי און פארנעמען זיך מיט די ענינים, וועלכע געהען איצט אריין אינ'ם סכום פון דער ארבייט פון דער ארגאניזאציע, געהען איצט איבער צו דער אלגעמיינער אָרגאניזאציע.

## די ארגאניזאציע פון די ערד־ארבייטער.

די ערשטע ארבייט פון דער ארגאניזאציע איז צו ארגאניזירען די אלגעמיינע ארגאניזאציע פון ערד־ארבייטער.

די אָפּטײלונג פאר געזעלשאפטליכע ארבײט.

דער צוזאמענפאָהר לעגט ארויף אויף דעם ראַט אַ חוב צו גרינדען אין משך פון אַ פּאָר וואכען אַ פאראײניגטע אָפּטײלונג פאר געזעלשאפטליכע ארבײט.

ארבײטער־באנק.

דער צוזאמענפאָהר באשליסט תיכף שאפען אנ׳ארבײטער־באנק און איז מחויב אַלע אַרבײטער און הארעפאשניקעס נעמען אנ׳אקטיווען אנטייל אין דער דאזיגער ארבײט. צוליב דעם דאזיגען צוועק ווערט אויסגעקליבען אַ קאמיסיע פון 3 חברים: א. בלומענפעלד, נ. טווערסקי און ב. קאצנעלסאָן.

ערד־ארבײטער־פונקטען.

דער צוזאמענפאהר באשליסט אויפצושטעלען די 4 ארבײטער־פונקטען (קלנדיה, תלפיות (אין דער געגענד פון ירושלים), כרמל, הר כנרת), אויף וועלכע ס׳איז ארוים דער גזר פון דער ציוניסטישער קאמיסיע, זיי בטל צו מאַכען אין מיטען דער ארבײטס־צייט.

---

# די שטעלונג פונ׳ם 3־טען אינטערנאציאנאל צום ציוניזם און פועלי־ציוניזם.

## Nr. 31

## I. אוים די טעזיסען איבער דער נאציאנאלער און קאלאניאלער פראגע.

(אנגענומען אויפ׳ן 2. קאנגרעס אין מאסקווע).

עס איז נויטווענדיג צווישען די ברייטע ארבייטענדיגע מאסען און באזונדערס פון די אפגעשטאנענע לענדער און נאציעס כסדר אויסצודעקען און אויפצוקלערען דעם באטרוג, וואס די אימפעריאַליסטישע מלוכות באגעהען מיט דער הילף פון די פריוויליגירטע קלאסען אין די אונטערדריקטע לענדער דערמיט, וואס זיי שאפען אונטער דער מאסקע פון פאלימיש אומאפהענגיגע מלוכות, אזעלכע מלוכה־פארמאציעס, וועלכע זיינען פון זיי עקאנאמיש, פינאנציעל און מיליטעריש פולשטענדיג אפהענגיג. אלס א שארפען ביישפיל ווי אזוי, כדי אפצונארען די ארבייטענדיגע קלאסען, פאראייניגען זייערע אנשטרענגונגען דער אנטאנט־אימפעריאליזם און די בורזשואזיע פון דער שייכות׳דיגער נאציע, קען אנגעפיהרט ווערען די מעשה פאלעסטינא פון די ציוניסטען (ווי דער ציוניזם איבערהויפט איז אונטער דער מאסקע פון שאפען אַ אידישע מלוכה אין פאלעסטינא מפקר דער עקספּלאָאטאַציע פון ענגלאנד די פאקטישע אראבישע ארבייטער־באַפעלקערונג אין פאלעסטינא, וואו די הארעפאשנע אידען זיינען נאר א קליינע מינאריטעט). ביי די היינטיגע אינטערנאַציאָנאַלע פארהעלטנישען איז נישטא פאר די אפהענגיגע און שוואכע נאציעס קיין אנדער רעטונג, ווי א בונד פון ראַטען־רעפובליקען.

## Nr. 32

## II. באשלוס פון דער עקזעקוטיווע.

אין אַ באריכט איבער אַ זיצונג פונ׳ם עקזעקוטיוו־קאמיטעט פונ׳ם 3. אינטערנאציאנאל האט די „פראוודא" פון 23. סעפטעמבער 1920 מיטגעטיילט:

מיט באריכטען וועגען דער ארבייט פון דער סאציאליסטישער ארבייטער־פארטיי (פועלי ציון) אין פאלעסטינא איז ארויסגעטראטען א רעפערענט אינ'ם נאמען פון דער פארטיי.

דער באריכט־געבער האט אנגעוויזען דערויף, אז די פארטיי, וועלכע ער שטעלט פאר איז אין תוך גענומען, א קאמוניסטישע פארטיי פון פאלעסטינא און עגיפטען, אז זי האט נאר מחמת טאקטישע טעמים געטראגען דעם נאמען פון דער פריהער אין פאלעסטינא עקזיסטירענדער פארטיי „פועלי ציון", זיי האבען אויסגעמעקט פון דעם נאמען דאסווארט „אידישע" און אז די פארטיי האט להלוטין נארנישט צו טון מיט דער נאציאנאליסטישער פארטיי „פועלי ציון".

די פאלעסטינישע סאציאליסטישע. ארבייטער־פארטיי פיהרט אן איהר ארבייט צווישען די הארעפאשניקעס פון פאלעסטינא און עגיפטען, ווי צווישען אידען אזוי אויך צווישען אראבער. די פארטיי האט געמוזט גובר זיין גרויסע מניעות, איינע פון די הויפט־מניעות איז דער אומצוטרוי פון די אראבער צו די אייראפעאישע ארבייטער. ניט קוקענדיג אויף דערויף באשטעהט דאס רוב פון די מאסען, אויף וועמען די פארטיי פארשפרייט איהר השפעה, פון אראבישע ארבייטער. דאס רוב פון די ארגאניזירטע פארטיי־מיטגלידער זיינען אידישע ארבייטער.

פון דעם באריכט און דעם ויכוח האט זיך ארויסגעוויזען, אז די פאלעסטינישע סאציאליסטישע ארבייטער־פארטיי (פועלי ציון) איז ארויף אויף דעם ריכטיגען דרך פון רעוואלוציאנערער ארבייט צווישען אלע הארעפאשניקעס פון פאלעסטינא און עגיפטען, נאר עד היום האט זי זיך ניט אינגאנצען באפרייט פון די בורזשואזנאציאנאליסטישע פאראורטיילען.

לכן נעמט אן דער עקזעקוטיוו־קאמיטעט פונ'ם קאמוניסטישען אינטערנאציאנאל פאלגענדע רעזאלוציע:

„דער עקזעקוטיוו־קאמיטעט פונ'ם קאמוניסטישען אינטערנאציאנאל, באשטעטיגענדיג זיין פריהערדיגע החלטה מכח דער פארטיי „פועלי ציון", באגריסט דעם אנהויב פון דער רעוואלוציאנערער ארבייטער־באוועגונג אין פאלעסטינא און לעגט פאר דער פאלעסטינער ארבייטער־פארטיי (פועלי ציון):

1) ראשית כל באקלערען און דורכפיהרען אין לעבען די החלטות פונ'ם 2־טען קאנגרעס פונ'ם קאמוניסטישען אינטערנאציאנאל, באזונדערס אלע פונקטען פון די „תנאים פאר אריינטרעטען אין קאמוניסטישען אינטערנאציאנאל".

2) איבערביטען אין צוזאמענהאנג דערמיט דעם נאמען פון דער פארטיי און דעמאלט ערשט וועט מען קענען אויפשטעלען די פראגע וועגען אנשלוס צום קאמוניסטישען אינטערנאציאנאל".

דער „רעפערענט", אויף וועמען דער באריכט באציהט זיך, איז געווען מאירסאן. צוזאמען מיט איהם איז געווען ביי דער זיצונג אויך מיכל קאהן, וועלכער האט זיך מיט מאירסאן פולשטענדיג סאלידאריזירט. ווי קאהן גיט איבער, איז דער אפיציעלער באריכט אין דער „פראוודא" ניט גענוי.

---